אַז דער כלי־זמר האָט אויפגעהערט צו שפּילן און איך האָב אים געבעטן זעצן זיך מיט אונדז, האָט דער אַלטער חזן זיך דערמאָנט אַ לעגענדע וועגן אַ ניגון.

— אַ ייד איז געקומען צום רוזשינער פּרעגן אַן עצה וועגן אַן ענין. האָט דער רבי אים דורכגעזונגען אליהו הנביא מיט אַ גויישן ניגון און געהייסן אים איינחזרן דעם ניגון. דער ייד האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט, נאָר ער האָט געפאָלגט דעם רבין און געחזרט דעם ניגון. מיט 15 יאָר שפּעטער, איז דער ייד געגאַנגען אין וועג; איז אים אויסגעקומען ביינאַכט דורכצוגיין אַ וואַלד, ווו עס זענען געווען נישט־גוטע. ווי ער גייט אַזוי, זעט ער, אַז נעבן אים גייט אַ קליינינקער גוי מיט אַ ליולקע. ער האָט זיך זייער דערשראָקן. דער גוי האָט אים געפרעגט וווּהין ער גייט. זאָגט ער: „אין שטאָט". זאָגט דער גוי: „איך גיי אויך אין שטאָט". נאָך דעם האָט דער גוי אים אָנגעכאַפּט פאַרן האַנט און געזאָגט: „זינגט מיר עפּעס". האָט ער זיך נאָך מער דערשראָקן. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט דעם „אליהו הנביא" מיטן גויישן ניגון, וואָס דער רוזשינער האָט אים אויסגעלערנט און האָט אָנגעהויבן זינגען. און האָט אַזוי געזונגען, ביז זיי זענען צוגע־גאַנגען צום שטאָט און דאָ איז דער גוי נעלם געוואָרן...

*

אין כאַראָסטקאָוו האָב איך באַגעגנט צוויי יידן, דעם רב פרענקעל פון הוסיאַטין און ר' ליפּא שוואַגער. זיי ביידע האָבן געהאַט אַ גרויסע בוכהאַנדלונג, איבערהויפּט פון אַלטע יידישע ספרים, אַנטיקן און כתב־ידן. דאָס איז געווען די גרעסטע בוכהאַנדלונג מיט אַלטע ספרים אין גאַליציע. בשעת דעם פּאָגראָם און דער שריפה, איז זייער גאַנצע בוכהאַנדלונג חרוב ונחרב געוואָרן. זיי האָט זיך איינגעגעבן צו ראַטעווען נאָר אַ קליין ביסל כתבים און אַלטע ספרים. אַ טייל פון זיי האָב איך גענומען מיט זיך און אָפּגעפירט אין פּעטראָגראַד, אין מוזיי, אויף צו באַהאַלטן.

דער ר' ליפּא שוואַגער, אַ גרויסער מקורב דעם קאָפּיטשינעצער רבין, האָט מיר דער־ציילט אַ וווּנדערלעכע מעשה, וועלכע האָט אַ כאַראַקטער פון אַ מיסטישער, סימבאָלישער לעגענדע. איבעריקנס, איז שוין די לעגענדע געשאַפן און אַריין אין דעם ציקל פון די חסידישע מופתים־לעגענדעס.

בשעת די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט זיך דער קאָפּיטשינעצער רבי געפונען אין האַמבורג, ווו ער האָט זיך קורירט. דאָרט איז מיט אים געווען די גאַנצע משפחה. געפונען האָט זיך דאָרטן אויך ליפּא שוואַגער. אַז די רוסן האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען גאַליציע, האָט דער רבי צוגערופן צו זיך שוואַגערן און געזאָגט אים בזה הלשון:

— זאָלסט וויסן, אַז ביי מיר געפונען זיך צוויי בריוו געשריבן מיט דער אייגענער האַנט פון בעל שם הקדוש. איצט, ביי דער מלחמה, קאָנען זיי חס וחלילה אומקומען. דאַרום פאָר תיכף ומיד אין קאָפּיטשינעץ און ראַטעווע די בריוו. אויב דו וועסט ניט זיין ביכולת אומצוקערן זיך, באַהאַלט זיי אין אַ זיכערן אָרט. זאָלסט וויסן, אַז אין וועג

שטייען דיר פאַר פיל סכנות: דו קאָנסט געהרגעט ווערן פון אַ קויל, מען קאָן דיך אומברענגען איבער אַ בלבול, רחמנא ליצלן, אָבער די סכנה טאָר נישט מעכב זיין אויס־צופירן די הייליקע שליחות און ראַטעווען די בריוו.

שוואַגער האָט גלייך איינגעשטימט צו פאָרן און געפרעגט ביים רבין:

— רבי, און וואָס וועט זיין מיט אייער גוטס, מיט דעם גאָלד און זילבער און טייערע חפצים, וואָס געפינען זיך ביי אייך אין הויף?

און גוטס האָט זיך געפונען אין הויף, ווי מען זאָגט, אויף אַ פּאָר מיליאָן קראָנען.

— דאָס אַלץ מעג זיך פאַרפאַלן גיין — האָט דער רבי רואיק געענטפערט, — נאָר דעם בעל־שמס בריוו מוזן געראַטעוועט זיין.

שוואַגער איז אָפּגעפאָרן. געקומען קיין קאָפּיטשינעץ מיט עטלעכע שעה איידער די רוסן זענען אַריין אין שטאָט. וועגן אָפּפאָרן צוריק, איז, פאַרשטייט זיך, קיין רייד נישט געווען. נאָר די בריוו האָט ער צייט געהאַט צו ראַטעווען און באַהאַלטן. ער האָט זיי פאַר־לייט אין אַ בלעכענעם שאַכטל און פאַרגראָבן אויף צוויי מעטער טיף אין וואַנט פון קעלער, ביים רבין אין הויף. אין דעם זעלבן קעלער האָט ער באַגראָבן אַ טייל פון רבינס גאָלד און זילבער. נאָך דעם האָט ער אין משך פון דריי־פיר חדשים נישט געהאַט די מעגלעכקייט צוצוקומען צום קעלער. פאַר דער צייט האָט ער זיך עטלעכע מאָל געפונען אויף אַ האָר פון טויט, געווען אַרעסטירט — מען האָט אים חושד געווען אין שפּיאָנאַזש. לסוף, אַז ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט צוצוקומען אין קעלער, האָט ער דאָרט נישט געפונען קיין איינציקן פון די טייערע חפצים, וואָס ער האָט פאַרגראָבן. אַלץ איז געווען אויפגעגראָבן און צעראַבירט. די וואַנט, אין וועלכער עס איז געווען באַ־האַלטן דאָס שאַכטל מיט די בריוו, איז אויך געווען פונאַנדערגעגראָבן און דאָס שאַכטל איז געווען פאַרשוווּנדן.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט געמאַכט אויף שוואַגערן. ער איז שיער נישט געשטאָרבן פון צער. נאָר אין אַ פּאָר טעג טעג אַרום, אַז ער האָט ווייטער גענומען גראָבן אין וואַנט און זוכן, האָט ער מיט אַמאָל געפונען דאָס שאַכטל — גאַנץ, נישט אָנגערירט. נאָר אַז ער האָט עס געעפנט, האָט ער צו זיין שטאַרקסטער אי־בערראַשונג געפונען, אַז אין דעם בריוו, וואָס איז איינגאַנצן געווען געשריבן מיט דעם בעל־־שמס האַנט (דער צווייטער בריוו איז געווען פון אים נאָר אונטערגעשריבן), זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן אַלע אותיות און עס איז געבליבן אַ ריין פּאַפּיר...

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך נישט גאָר געגלויבט דער מעשה. איך האָב גערעכנט, אַז דאָס איז איינע פון די געוויינלעכע לעגענדעס, וועלכע ווערן גרינג געשאַפן אין אַזאַ מהומה־צייט. דערפאַר האָב איך געבעטן שוואַגערן, ער זאָל מיר ווייזן די בריוו. די בריוו האָבן זיך געפונען אין קאָפּיטשינעץ, באַהאַלטן אין חדרי חדרים, און שוואַגער האָט נישט געוואָלט זיי ווייזן. נאָר אַז מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך זיך מיט אים

געטראָפן אין קאָפּיטשינעץ און בין שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים, האָט ער אַפילו זייער נישט גערן איינגעשטימט. ער האָט געבראַכט די בריוו אין שול, זיי זענען געווען איינגע־וויקלט אין עטלעכע פּאַפּירן. שוואַגער האָט מיט אַ גרויסן ערנפורכט, נישט אָנרירנדיק זיי מיטן האַנט, פונאַנדערגעוויקלט. איך האָב דערזען צוויי זייער אַלטעף, צונויפגעלייגטע בייגעלעך פּאַפּיר. איינס איז געווען באַשריבן פון אַלע זייטן מיט אַ דינעם געדיכטן כתב, לויט שוואַגערס רייד, ר׳ גרשון קיטעווערס האַנטשריפט (דער בריוו איז געווען שוין געדרוקט). אין אים זענען אויפן צווייטן זייטל, אויפן סאַמע ברעג, געווען קוים צו באַ־מערקן די אונטערשריפט מיט שאַרפע, לאַנגע איינציקע אותיות: „ישראל בעל שם“. דער צווייטער, אַ האַלב פּאַרפוילטער (ביידע בריוו זענען געשריבן אין יאָר תקי״ג (1753), מיט שוואַכע פלעקן פון נאַסקייט, אָדער טרערן, איז געווען ריין, אָן אַ שפור פון אותיות. שוואַגער האָט געקוקט אויף די בריוו מיט אַ פאַרטראַכטן מיסטישן בליק און שטיל אַרויסגערעדט:

— מען זאָגט, אַז די אותיות זענען פאַרשווונדן פון נאַסקייט, און מיט כעמישע מיט־לען קאָן מען זיי אויפשטעלן... אָבער מיר, חסידים, מיר רעכענען אַנדערש... גאָר אַנדערש...

# אזוי האָט געלעבט דאָס שטעטל

יוסף כהן

1

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בין איך אַלט געווען 6 יאָר. נאָר איך געדענק, אַז ווען די רוסישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן אָקופּירן גאַליציע, האָט אונדזער גאַנצע משפּחה זיך עוואַקואירט. דאָס איז געשען אַ פרייטיק נאָכמיטאָג. מיר זענען אָנגעקומען קיין יאַנוּוו, נאָר דאָ איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַ שטאַרקע בהלה, ווייל מ׳האָט אויפגעריסן די בריק — זענען מיר געלאָפן קיין בוזאַנעוו און דאָרט שוין געווען שבת. זונטיק גאַנץ פרי האָט מען זיך געלאָזט צוריק אַ היים — קיין כאָראָסטקאָוו. דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער און געפערלעכער, ווייל דאָס רוסישע מיליטער האָט מאַרשירט אין דער ריכטונג פון טאַרנאָפּאָל. דאָך זענען מיר בשלום געקומען צוריק אין אונדזער שטעטל.

ווען די רוסן האָבן געהערשט אין כאַראָסטקאָוו, האָבן מיר, קינדער, ניט געוווּסט וואָס דאָס מיינט אַ שול. אַ ביסל האָט מען געלערנט אין חדר ביי בנימין מלמד, שפּעטער — ביי אברהם גלאַזנער. אָבער ניט פיל שעהן אין טאָג. געווען אַ סך פריי צייט, וועלכע מיר האָבן פאַרברענגט ביים וואַל, אויף דער אַנדערער זייט יאַטקע־גאַס, ווו ס'איז תמיד געווען פיל וואַסער און חברה יונגוואַרג האָט דאָרט זיך געשפּילט.

דאָס רוסישע מיליטער איז איינגעשטאַנען אין כאַראָסטקאָוו ביז דעם יאָר 1917, אַ געוויסן דאָנערשטיק האָבן זיי באַשלאָסן צו עוואַקואירן זיך. יענעם טאָג איז דער מאַרק־פּלאַץ געווען פאַרפלייצט מיט קאָזאַקן און זייערע פערד. די ידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין טויט־שרעק, בפרט נאָך, אַז די קאָזאַקן האָבן אָנגעהויבן רויבן און שלאָגן. פרייטיק פרי, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, געדענק איך, ווי אונדזער גאַנצע משפּחה, מיט נאָך עטלעכע ידן, האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער וווינונג פון חולי כץ און געוואַרט אויפן אָנקום פון עסטרייכישן מיליטער. מיט אַמאָל האָבן זיך באַוויזן אין שטוב עטלעכע קאָזאַקן, באַפוילן אַלעמען אַרויסלייגן די בייטעלעך מיט געלט, אַלץ צונויפגענומען, זיך אַרויפגעזעצט אויף די פערד — און אָפּגעפאָרן. דערמיט האָט זיך געענדיקט אין כאַראָסטקאָוו די רוסישע אָקופּאַציע.

2

פרייטיק פאַרנאַכט האָט זיך באַוויזן דער ערשטער עסטרייכישער פּאַטרול, וועלכער איז גראָד שיין אויפגענומען געוואָרן דורך דער באַפעלקערונג. די זעלנער האָבן שוין געטראָגן בלומען, וועלכע זיי האָבן באַקומען אין אַנדערע ערטער. דער עולם האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

אַז די נייע מאַכט האָט זיך איינגעשטעלט, האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן אַ שול, כדי די קינדער זאָלן זיך ניט אַרומדרייען פּוסט־און־פּאַסט. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון מנשה פעלנער, מיט דער הילף פון די סטודענטן משה פּאַסטערנאַק, ישראל גראָס, מאיר גראָס, קלמן מעסיטאַ, איז אין הויז פון אשר־ברוך קלאַר געגרינדעט געוואָרן אַ שול, ווו ידישע קינדער האָבן געלערנט געשמאַק. ווי לאַנג דער דאָזיקער בית־ספר האָט עקזיסטירט — געדענק איך ניט.

די פריער דערמאָנטע סטודענטן האָבן אין יענער צייט אויך געגרינדעט די אָרגאַני־זאַציע „השומר", וועלכע האָט ניט געטראָגן קיין שום פּאָליטישן כאַראַקטער. דאָס איז געווען אַ סקויטן־אָרגאַניזאַציע. אירע מיטגלידער האָבן געטראָגן מונדירן מיט לאַנגע שטעקנס. פאַר מיין ברודער בערנאַרד און שלמה ראָטענבערג האָבן די מאַמעס אַליין אויפגענייט די מונדירן. די סקויטן האָבן כמעט יעדן טאָג געמאַכט אויספלוגן צו די טאָפּאָ־ליעס, אויפן וועג קיין סאַראָקע. און מיר, חברה קליינוואַרג, פלעגן זיי נאָכלויפן און זיך פּלאָנטערן ביי די פיס.

אַז די סקויטן זענען אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי געשאַפֿן די אָרגאַניזאַציע „התחיה״, אָן וועלכער ס׳איז פּאָליטישער באַפֿאַרבונג. באַלד איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק, וועלכע האָט דורכגעפֿירט ליטעראַרישע אָוונטן און די יוגנט האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט גאָר אַנדערש צו פֿאַרברענגען. דער רוב ביכער פֿאַר דער ביבליאָטעק ביי דער „התחיה״ איז געזאַמלט געוואָרן ביי די איינוווינער פֿון שטעטל.

3

אונדזערע קינדער האָבן ניט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק כלפּי די עלטערע און געשאַפֿן פֿאַר זיך דעם „יידישן קינדער־פֿאַריין״. זיינע גרינדער זענען געווען: חיים וואַל, יצחק פּאַסטערנאַק, פּיניע־שלום גלאַזנער, אריה גראָס און איך. דער לאָקאַל האָט זיך געפֿונען ביי אליעזר פּאַסטערנאַק, ווייל זייער זון יצחק איז געווען קראַנק און דערפֿאַר האָבן די עלטערן געשטעלט צו אונדזער רשות אַ צימער. דאָ האָבן מיר פֿאַרברענגט די אָוונטן און שבתים, איינגעאָרדנט טיי־אָוונטן, פֿאַנטן־לאָטעריעס, אונטער־נעמונגען מיט דעקלאַמאַציעס, געזאַנג, רעציטאַציעס. יעדעס קינד האָט אויך געצאָלט אַ חודשלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל. פֿון דעם אַלעמען האָבן מיר געהאַט באַדייטנדיקע הכנסות, ווייל קיין אויסגאַבן זענען כמעט ניט געווען. משה פּאַסטערנאַק האָט געוווסט וועגן אונ־דזער „פֿאַרמעגן״ און געווענדעט זיך צו דער פֿאַרוואַלטונג אויסצולייען דאָס געלט דער „התחיה״. זיי פֿאַרפּליכטן זיך אַלץ אומקערן. האָבן מיר געגעבן די הלוואה, נאָר צוליב דעם איז אין אונדזער קינדער־פֿאַריין פֿאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. בראש פֿון איין גרופּע זענען געשטאַנען די גליקס און גראָס; פֿון דער צווייטער גרופּע — חיים וואַל, ס. גלאַזנער און איך. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט דעם לאָקאַל ביי חיים וואַלס עלטערן און ווייטער אָנגעגאַנגען מיט אונדזער קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט.

4

אין שטעטל, ווי אין דער גאַנצער געגנט, איז געוואָרן אומרואיק און די יידישע באַפֿעלקערונג האָט איבערגעלעבט טעג פֿון שרעק. אַלע מאָל האָט זיך געביטן די מאַכט: אוקראַינער, פּאָליאַקן, באָלשעוויקעס. בעת דער הערשאַפֿט פֿון די לעצטע, האָט מען די ביבליאָטעק צוגענומען און זי פֿאַרשלאָסן ביים ד״ר אויערהאַן. בעת די באָלשעוויקעס האָבן געוועלטיקט אין שטעטל, איז דער גאַנצער פֿאַרזאָרגער געווען משה געלעס (קישקע). מיט אַלעמען האָט ער זיך פֿאַרנומען.

אַז די פּאָליאַקן זענען צוריק אַריין אין שטעטל, אין 1920, האָבן מיר די ביכער אַרויסגענומען פֿון באַהעלטעניש און זיי אַוועק געפֿירט אין דער וווינונג פֿון שלמה ראָטענ־בערג, ווייל קיין לאָקאַל איז ניט געווען. זיינע עלטערן האָבן מסכים געווען צו האַלטן ביי

זיך די ביבליאָטעק. פיל ביכער זענען געווען באַשעדיקט, אָדער צעריסן. האָט מען זיך איינגעשאַפט אַ מעסער צום שניידן פּאַפּיר, אַ פּרעס — און זיך אַ נעם געגעבן צום איינבינדן די ביכער. אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט אייגענע כוחות.

איך מוז זיך אומקערן צום יאָר 1918, ווען אין כאַראָסטקאָוו איז געגרינדעט געוואָרן דער „יידישער דראַמאַטישער צירקל". די זעלבע וואָס האָבן געשטעלט אויף די פּיס די „התחיה" און דעם „השומר", האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט... טעאַטער. ניט יעדער איז אָנגענומען געוואָרן אין „צירקל". געשטעלט האָט מען די פּאָפּולערסטע פּיעסן פון יענער צייט וועלכע זענען געשפּילט געוואָרן אין גרויסע, ערנסטע טעאַטערס, ווי: „מירעלע אפרת" (מיט אַלטע האַלפּערין־פריידמאַן אין דער הויפּט־ראָל); „כאַסיע די יתומה" (בראָנטשע טענענבוים); „דער דאָרפס־יונג (משה פּאַסטערנאַק); „שווער צו זיין אַ ייד", „דאָס גרויסע געווינס" (חיים ישראל ווייסבראָדט — און אַנדערע פּיעסן. דער „צירקל" האָט אויך איינגעאָרדנט פאַרשידענע ליטעראַרישע אָוונטן מיט אינטערעסאַנטע פּראָגראַמען. אַ דאַנק די פאָרשטעלונגען האָט זיך די ביבליאָטעק כסדר באַרייכערט מיט יידישע, פּוילישע, העברעישע און אַפילו דייטשע ביכער. אָבער די גרעסטע צאָל לייענער איז געווען פון די יידישע און פּוילישע ביכער.

די פאָרשטעלונגען פלעגן צומערשט פאָרקומען אינעם גרויסן, פּאַסיקן זאַל פון דער פּוילישער ספּאָרט־ און גימנאַסטיק־געזעלשאַפט „סאָקול". דערנאָך האָט דער גלח פאַרווערט צו פאַרדינגען דעם זאַל פאַר יידישע אונטערנעמונגען. זיין אַרגומענט איז געווען, אַז „די ווענט פון ‚סאָקול' טאָרן ניט הערן קיין יידיש"... האָט מען די פאָרשטעלונגען געגעבן אין „נאַראָדני דאָם" (אוקראַינישן פאָלקס־הויז), אָדער ביי חולי כץ אין הויז. אויך די יידישע טרופּעס וואָס פלעגן אַרויספאָרן איבער דער פּראָווינץ, האָבן דאָרט געשפּילט, צי ביי אונדז אין הויז. ערשט נאָכן גלחס טויט, האָט מען ווידער געשפּילט אין „סאָקול", ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער גרויסער זאַל אין שטאָט.

שפּעטער איז שוין געווען אַ היימישער, יידישער „בית העם" — אָבער פאַר גרויסע אימפּרעזן ניט צוגעפּאַסט.

דער יידיש־ליטעראַרישער „צירקל" האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג. אין יאָר 1939, ווען די סאָוויעטן זענען אַריין אין שטעטל, האָבן זיי די ביבליאָטעק פון „צירקל" צוגענומען און פון דאָרט באַזייטיקט די פאַר זיי ניט פּאַסיקע ביכער.

5

עטלעכע ווערטער וועגן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע:

אָנהייב פון די צוואָנציקער יאָרן איז אין כאַראָסטקאָוו געגרינדעט געוואָרן דער „החלוץ". אין יאָר 1925 האָבן מיר זוכה געווען צו דער ערשטער עליה פון שטעטל פון

עטלעכע חלוצים אונדזערע. יחידים זענען צוריק געקומען, צוליב דער מאַלאַריע־קראַנקייט און אַנדערע אָביעקטיווע שוועריקייטן. שפּעטער איז אַנטשטאַנען די שטאַרקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „התאחדות", וועלכע האָט אויסער איר טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל, געשאַפן אַ ביבליאָטעק און אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט געשטעלט זייער געלונגענע פאָר־שטעלונגען.



סניף „אחווה" (1935)

דערנאָך איז אַנטשטאַנען די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „התקווה" מיט אירע יונגערע אָפּצווייגן — „אחווה" און „הנוער הציוני". אויך דער „השומר הצעיר" האָט גע־האַט זיין קן אין שטעטל. אין 1931/32 האָט מען געגרינדעט די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע הצה"ר און בית"ר. די אַלע האָבן געפירט אַ זייער לעבהאַפטע טעטיקייט. בנוגע די ציוניסטישע פאָנדן איז צווישן זיי תמיד פאָרגעקומען אַ פאַרמעסט, ווער עס זאָל מערער שאַפן געלט פאַרן אויפבוי פון לאַנד.

געווען אויך אַן אַלגעמיינער ספּאָרט־קלוב, וועלכער האָט דער עיקר זיך פאַרנומען מיט פוטבאָל, פאַרמאָסטן זיך מיט די מאַנשאַפטן פון אַנדערע שטעטלעך און דערביי אַדורכגעפירט פאַרשידענע אימפּרעזן, כדי זיך קענען אויסהאַלטן.

כאַראָסטקאָוו האָט זוכה געווען צו האָבן אַן אייגענע העברעישע שול, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן באַלד נאָך פוילנס אומאָפּהענגיקייט. דער גרינדער פון דער שול איז געווען דער אינטעליגענטער ייד סאַפּירשטיין, וועלכער איז צו אונדז געקומען פון רוס־לאַנד. ער איז טאַקע געווען דער ערשטער עברית־לערער אין שטעטל. נאָך אַ יאָר, האָט ער פאַרלאָזט כאַראָסטקאָוו. זיין אָרט האָט פאַרנומען שרייבמאַן, אויך אַ רוסישער ייד, אָבער נאָך אַ קורצער צייט עולה געווען קיין ארץ־ישראל. די אָנפירונג פון דער שול האָט אי־בערגענומען פישל ווערבער. ער האָט געהאַט צו הילף נאָך אַ לערער. נאָר כ געדענק ניט זיין נאָמען. דערנאָך איז געווען פאַרוואַלטער דער לערער אונגער און מנשה גפן. אין מיין צייט: מאַרגולעס, איידעם פון לייב מאַרקוס. די שילער פון דער העברעישער שול האָבן פון צייט צו צייט געשטעלט פאָרשטעלונגען אין עברית. איינע פון זיי געדענק איך: „בן היאור", מיט דובי (הערש) טאַל און חוה גערשטעבלייט אין די הויפּטראָלן. דער גרעס־טער טייל פון דער יידישער יוגנט אין כאַראָסטקאָוו האָט געלערנט העברעיש.

...אַזוי האָט געלעבט דאָס שטעטל, אַזוי האָט געלעבט אונדזער יוגנט — ביז די דייטשע רוצחים און זייערע העלפערס האָבן אַלץ פאַרניכטעט.

כבוד דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים!

## שיינע און טרויעריקע דערינערונגען

העניע ווידערמאַן

אַ געבאָרענע און אויפגעוואַקסענע אין כאַראָסטקאָוו, דערמאָן איך זיך אַ סך דערינערונגען, שיינע ווי טרויעריקע, וועגן דער לאַנדשאַפט, מענטשן און פּאַסירונגען אין שטעטל. עס איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן דעם שיינעם פרילינג, מיט צעבליטע און צעגרינטע פעלדער און וועלדער אַרום, ווי אויך די אַקאַציע־ביימער, וועלכע זענען גע־וואַקסן זייער נאָענט פון אונדזער הויז, מיין היים, וואָס איז דערנאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַרג חורבות...

אָבער נאָך היינט פיל איך די דופטיקע ריחות פון די שמעקעדיקע ביימלעך מיט זייערע ווייסע צווייגן, נאָך היינט זע איך די הערלעכע לאַנדשאַפט אַרום דעם שטעטל.

אַז ס'איז געקומען דער שבתדיקער טאָג, נאָך דער מיפּולער און גראָער וואָך פון יאָגן זיך נאָך פּרנסה — פלעגן אין מיטן מאַרק זיך שאַפן רעדלעך יידן און יוגנטלעכע, וועלכע האָבן דיסקוטירט איבער אַלגעמיינע פּראָבלעמען, ציוניזם, ארץ־ישראל, שטעטלדיקע און משפּחהדיקע ענינים. אין די דיסקוסיעס וועגן „פּאָליטיק", האָט אויך מיין פאָטער בצלאל ז"ל גענומען אַ ביז גאָר אַקטיוון אָנטייל. בעצם, איז דאָס געווען דער „עונג שבת" אין גלות. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער האָט נישט דערוואַרט, צי זיך פאָרגעשטעלט וואָס די שפּעטערדיקע יאָרן וועלן ברענגען.

צוויי טעג נאָך שבת — מאָנטיק, — האָט דאָס שטעטל באַקומען אַ גאָר אַנדערן לבוש, נישט צום דערקענען, צוליב דעם וועכנטלעכן יאַריד — דער כמעט אייציקער פּרנסה־געבער פאַר יידן פון כאָראָסטקאָוו און אומגעגנט — אויף אַ גאַנצע וואָך. אונדזערע אַחינו בני ישראל האָבן מיט טויזנט אויגן באַדאַרפט היטן און אַכטונג געבן אויף די אויסגעלייגטע סחורות, ווייל געווען אַזעלכע קונים, וואָס אויך גנבענען האָט ביי זיי גע־הייסן... געקויפט. נאָך אַזאַ טאָג אָפּהאָרעווען אויפן יאַריד, איז מען געווען מיד, דערשלאָגן, אָבער פריילעך איז געווען אויף דער נשמה, אויב דער פּדיון און פאַרדינסט זענען געווען גוטע, פאַרנאַכט־צו האָבן שיכורע פּויערים געזונגען, געטומלט און זיך אַוואַנטורעוועט, בעת די פערד זייערע האָבן מיט אַ הירזשעריי דערמאָנט, אַז זיי ווילן אַהיים. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל.

דאָס שטעטל איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן: די טאַרהאָוויצע, דער גרויסער פּלאַץ פאַר קי־ און פערד־האַנדל; און די צווייטע טייל — די געשעפטן, וווּ יידן האָבן פאַר־קויפט הערינג, צוקער, נאַפט, זאַלץ, זיסוואַרג. ניט תמיד האָט איין אַרטיקל זיך געפּאַסט צום צווייטן אין אַזאַ געשעפט — אָבער וואָס טוט מען נישט צוליב פּרנסה?

היינט דערמאָן איך מיט אַ שמייכל דעם תענוג פון דורכפאָרן זיך איבערן שטעטל מיטן פיאַקער — ביז דער באַן. דער וועג האָט געפירט איבער פעלדער און אַלץ האָט געשיינט און געגרינט אין דעם פרימאָרגנדיקן טוי. דאָס גלעקל אויפן פערדלס האַלדז האָט פריילעך געקלונגען און מונטער געמאַכט אויף דער נשמה.

יעדער שבת נאָכמיטאָג האָט די יוגנט זיך פאַרזאַמלט אין דעם שמעקעדיקן וועלדל ניט ווייט פון שטעטל. די הויכע סאָסנעס און דאָס פליסנדיקע קוואַל־וואַסערל האָבן באַרואיקנדיק געווירקט אויף די צעהיצטע געמיטער און ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס וועגן ציוניזם, יידיש לאַנד, סאָציאַליזם און נאָך און נאָך פראַגן, וועלכע האָבן תמיד אַבסאָר־בירט אונדזער יוגנט אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן.

זאָלן די דאָזיקע ווערטער זיין לזכר די אַלע וועלכע האָבן נישט דערלעבט צו פאַר־ווירקלעכן זייער טרוים...

# פארטייען, אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפטן

חיים־ישראל וויסבראָדט / כפר־סבא

כאַראָסטקאָוו — אַ טיפּיש שטעטל, ווי אַ סך אַזעלכע אין מזרח־גאַליציע, אַרומגע־רינגלט מיט אַ דאָרף פון דעם זעלבן נאָמען, וועמענס קריסטלעכע באַפעלקערונג איז געווען פינף מאָל גרעסער ווי די צאָל יידן אין שטעטל גופא.

דאָס שטעטל האָט זיך צעלייגט אויף עטלעכע גאַסן. דער אָנהייב — ביים עק פון דער מיל־גאַס, וווּ אויפן ברעג טייך איז געשטאַנען די מיל, יועלכע האָט אָפּגעטיילט דאָס שטעטל פון דאָרף; דער סוף — „די רויטע בריק". פון מערב האָט זיך געצויגן אַ גענוג לאַנגע גאַס, די צירילוווקע. פּאַראַלעל צו איר — דער שאָסיי אונטער דער בריק, ביזן גרענעץ פון בידע ישובים — דעם שטעטל און דאָרף. פון מזרח — אַ צווייטע, לאַנגע גאַס מיט אירע וויכטיקסטע, צענטראַלע פּונקטן אינעם שטעטלדיקן לעבן:

א) דער מאַרק מיט זיינע קראָמען, די גרויסע שול און דער ראַטהויז, וועמענס טורעמלעך האָבן דערמאָנט אַ פעסטונג.

ב) די טאַרגאָוויצע, ווו עס פלעגט יעדער מאָנטיק פאַרקומען דער וועכנטלעכער יאַריד, פון וועלכן יידן האָבן געצויגן חיונה אויף אַ גאַנצער וואָך.

ביי אַ צוויי טויזנט נפשות האָט געציילט דאָס שטעטל און זיך געפירט איר אָפּגעשלאָסן און אָפּגעזונדערט לעבן, גלייך ווי יידן וואָלטן זיך אייגנוויליק געשאַפן אַ מין געטאָ, פירנדיק זיך דאָרט אויף זייער שטייגער. ווייל אויסער עטלעכע קריסטלעכע משפחות (אַ מין האָלצהעקער, וואַסערטרעגער, „שבת־גויים", דער באָד־הייצער און שומר פון בית־הקברות, וועלכער האָט אויך צוגעהיטן די ברענענדיקע ליכט אין שול אין די שבתים, יום־טובים און ספּעציעל אין יום־כיפור) — האָבן אין שטעטל געוווינט בלויז יידן. די פויערים פון דער אַרומיקער סביבה זענען געקומען אין כאַראָסטקאָוו אין די יאַריד־טעג און סתם אין אַ פּראָסטן מיטוואָך, כדי קויפן און פאַרקויפן.

ביז דער ערשטער וועלט־קריג, האָט די יידישע כאַראָסטקאָוו זיך געלעבט לויט דער אמונה, טראַדיציע און מינהגים פון די אבות אבותינו.

### די קהילה, נאַציאָנאַל־ראַט, שטאָטראַט

דאָס אייגנטלעכע יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן, באַזונדערס אויפן רעליגיעזן געביט, האָט זיך קאָנצענטרירט אין און אַרום דער קהילה: דער ראַבינאַט, שוחטים, מבקרים (טרייבערס), משגיחים, שמשים, חזנים, חברה קדישא, מקווה, בית־הקברות און דאָס אַלץ וואָס אידענטיפיצירט זיך מיטן באַגריף קהילה. לויטן געזעץ, איז די קהילה־פאַרוואַלטונג

געווײלט געוואָרן אַלע 4 יאָר. וואַל־רעכט האָט מען געהאַט פֿון 24 יאָר אָן, בלויז מענער. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די קהילה־פֿאַרוואַלטונג באַשטאַנען פֿון „שיינע יידן", שפּעטער — פֿון אָנהענגער פֿון רב, שתדלנים און גבאים.

דער קהילה־בודזשעט איז געווען באַגרענעצט, ווייל ר'האָט זיך געשטיצט בלויז אויף די שטייערן פֿון די אָרטיקע יידן. כדי זיכערן זיך אַ מאַקסימאַלע הכנסה פֿון די שטייערן, האָט די קהילה יעדעס יאָר אַדורכגעפֿירט אַן עפֿנטלעכן פֿאַרקויף פֿון דער „טאַקסע", די רעכט פֿון איבערנעמען אין אַרענדע דאָס אויפֿמאָנען די קהילה־שטייערן. דער אַקט איז פֿאָרגעקומען אין גרויסן בית־המדרש, ביי דער באַטייליקונג פֿון אַן עולם סתם נייגעריקע. דער אויסרופֿער פֿון קהל האָט אָנגערופֿן דעם פּרייז פֿון לעצטן יאָר — און ווער ס'האָט זיך געמאָלדן מיט אַ גרעסערער סומע, צו וועלכער אַן אַנדערער האָט נישט געוואָלט מער דערלייגן — איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער בעל־טאַקסע אויף די קהילה־שטייערן פֿאַרן נאָענטסטן יאָר.

די אייגנטלעכע הכנסות פֿון דער טאַקסע, זענען געווען — דער אָפּצאָל פֿון דער שחיטה פֿון בהמות און עופֿות. מען האָט דערציילט, אַז אין די גאָר פֿריערדיקע צייטן, האָבן יידן געצאָלט אַ ספּעציעלן „ליכט־שטייער", וואָס האָט געהייסן „ליכט־פֿאַכטעריי". די בעלי־טאַקסע, צו אַרענדאַרן אויף די קהילה־שטייערן, פֿלעגן אַרומגיין פֿון שטוב צו שטוב און פֿעסטשטעלן וויפֿל ליכט מען צינדט אָן לכבוד שבת — און לויט דעם באַשטימען די הייך פֿונעם שטייער. אין כאַראַקטער האָט דער דאָזיקער שטייער נישט געהאַט קיין אריכת־ימים.

אויך דאָס בית־הקברות האָט אין אַ געוויסער מאָס צוגעשטעלט הכנסה פֿאַר דער קהילה־קאַסע. אָבער נאָר אין פֿאַל, ווען עס איז געשטאָרבן אַ גאָר רייכער, צי פֿאַרמעגלעכער ייד. די באָד איז פֿאַרפּאַכטעט געוואָרן צו אַ יידן, וועלכער האָט געצאָלט דער קהילה אַרענדע־געלט. נאָר די אָפּטע רעמאָנטן אין באָד, האָבן דערפֿירט צו אַ כמעט שטענדיקן דעפֿיציט פֿון דער אינסטיטוציע. די באָד איז געווען אָפֿן יעדער ערב שבת און יום־טוב פֿאַר מענער ווי אויך פֿרויען. דאַקעגן פֿאַר פֿרויען, זענען אויסער דעם באַשטימט געווען באַזונדערע טעג אין דער וואָך.

די אויסגאַבן פֿון דער קהילה זענען געווען גאַנץ באַדייטנדיקע: געהאַלט פֿאַרן רב, שוחטים, משגיחים, מנקרים, קהילה־סעקרעטאַר. די קאָנטאַקטן צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג און דער קהילה־פֿאַרוואַלטונג זענען געווען גאַנץ לויזע, סיידן בעת אַ חתונה, ברית און ענלעכע געשעענישן, ווען מ'האָט געמוזט אָנקומען צו דער קהילה און אירע אָנגעשטעלטע.

אונדזער קהילה האָט אַפֿילו ניט געהאַט קיין שטענדיקן אַדרעס. די זיצונגען פֿון דער פֿאַרוואַלטונג זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער וווינונג פֿון פֿאָרזיצער, צי פֿון סעקרעטאַר. אַזוי האָט עס געדויערט ביזן יאָר 1914.

די ערשטע וועלט־מלחמה, די רעוואָלוציע און אַנדערע געשעענישן, האָבן גורם גע־וועזן צו ראַדיקאַלע ענדערונגען אינעם געבוי פון יידישן אָרגאַניזירטן לעבן. נאָכן צעפאַלן זיך פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער אימפּעריע און פון די צייטווייליקע אוקראַינישע רעגירונגען, איז אין יאָר 1918 געגרינדעט געוואָרן אין אונדזערע געביטן, אויפן אָרט פון די פריערדיקע קהילה־פאַרוואַלטונגען — געוויילטע נאַציאָנאַל־ראַטן, אויסגעקליבן דורך דער יידישער באַפעלקערונג, מיט וואַל־רעכט פון 21 יאָר אָן. דער ערשטער כאָ־ראַסטקאָווער נאַציאָנאַל־ראַט איז אין זיין רוב געווען אַ ציוניסטישער. אַנשטאָט נאָמי־נירטע פרנסים, האָבן זיך באַוויזן נייע, יונגע מענטשן, מיט אַ סך גוטן ווילן און טיפער פאַרשטענדעניש פאַר די נייע צייטן און אירע באַדערפעונישן. זיי האָבן געשאַפן יידישע שולן, ווי אויך אַ העברעישע שול, געשטיצט דורך דער קהילה, עס זענען אויך באַשטימט געוואָרן סובווענצן פאַר די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, גמילות־חסד קאַסעס, פרויען־אָרגאַניזאַציעס. די קהילה־אַרבעט איז איינגעשטעלט געוואָרן אויף גאָר אַנדערע יסודות. אין באָד איז יעדערן פאַרטיילט געוואָרן אַ שטיקל זייף, אויסער דעם פרייען אַריינגאַנג, אָן אַן אָפּצאָל, און דריי מאָל אַ וואָך. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע האָט געזאָרגט פאַר די לעבנס־וויכטיקע באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געליטן פון דער מלחמה. אַן אייגענע זעלבשוץ האָט באַדאַרפט היטן יידישע לעבנס און פאַרמעגנס. די יוגנט האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די אַלע איבערגעשטאַלטונגען. אין שטעטל זענען געשאַפן געוואָרן פאַך־קורסן און אָוונט־קורסן, דראַמאַטישע קרייזן, קולטור־געזעל־שאַפטן. און איבער אַלעמען האָט דאָמינירט דער נס פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. פון די גרויסע שטעט זענען געקומען רעפערענטן, פאַרלעזונגען, אַקאַדעמיעס און פאַרשידענע אונטערנעמונגען האָבן באַלעבט און באַרייכערט דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן. פון פאָגראָמען און אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען אין יענער תקופה, האָט כאָראָסטקאָוו נישט געוווּסט. אָבער לאַנג האָט עס נישט געדויערט. די פּעטלוראַ־באַנדעס, פאַרשידענע אוקראַי־נישע גרופּן, דערנאָך די פּאָליאַקן, האָבן דערמאָנט אומרואיקע צייטן און נישט דער־מעגלעכט אונדז אָנגיין מיט דער ברייט־פאַרמאָסטענער טעטיקייט.

דאָס פאַרבייטן די אוקראַינישע הערשאַפט מיט דער נייער פּוילישער מאַכט, האָט אויך אַ סוף געמאַכט צו דעם נאַציאָנאַל־ראָט אין שטעטל און מיר האָבן זיך אומגעקערט צום אַלטן סיסטעם פון קהילה־פאַרוואַלטונגען, הגם שוין אין נייע צייטן און באַדינגונגען. ביי די ערשטע וואַלן איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קהילה־אָנפירונג פון נאַציאָנאַל־דענ־קענדיקע ייִדן, הגם די באַזונדערע פאַרשטייער זענען געווען טריי זייערע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, ווי אַלגעמיינע ציוניסטן, פּועלי־ציון, אָנהענגער פון אָרטיקן רב, די פאַרשידענע שולן און שטיבלעך. אַפילו די גאַנצע און האַלבע אַסימילאַטאָרן האָבן זיך געפּוצט אין נאַציאָנאַלע פעדערן, כדי געפעלן ווערן דער יידישער באַפעלקערונג.

די קהילה־אָנפירונג אין די ערשטע יאָרן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, האָט באַשטימט

אַ יערלעכע סובווענץ פאַר דער העברעישער שול און אויף אַ פאַרמאַסקירטן אופן אויך פאַרן קרן היסוד און קרן קיימת.. די סאָציאַלע שטיצע האָט אָנגענומען אַ מער אָרגאַני־זירטע און געזעלשאַפטלעכע פאָרם. די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג זענען פאָרגע־קומען רעגולער, איין מאָל אין וואָך, מיט אַ פריער באַשטימטן טאָג־אָרדענונג. די קהילה־פאָרשטייער, אַלס רעפּרעזענטאַנטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, זענען אויפגעטרעטן כלפּי דער פוילישער מאַכט מיט כבוד און געוווּסט וואָס און ווי אַזוי פאָדערן דאָס זייעריקע.



העברעישע שול — בית־ספר עברי

נאָר פון די „הויכע פענצטער" פון דער פוילישער ממשלה האָבן גענומען בלאָזן בייזע ווינטן פאַר יידן. אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן די אָפיציעלע פּאָליטיק פון די צענטראַלע און אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע האָבן דערמוטיקט און געהאָלפן אויפשטעלן פאַר־שידענע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, כדי אונטערגראָבן דעם אַזוי אויך שוואַכן עקאָנאָ־מישן קיום פון די יידן. ווי נאָר ס'איז אַנטשטאַנען אַזאַ פוילישער קאָאָפּעראַטיוו, האָבן אויך די אוקראַינער אין כאָראָסטקאָוו גענומען נאָכטאָן דעם ביישפּיל. דערביי איז גרויס געוועזן די קאָנקורענץ צווישן די יידן גופא.

אין אַזאַ שטעטל ווי כאָראָסטקאָוו, איז דאָס גאַנצע יידישע לעבן רעגולירט געוואָרן דורך און אַרום דער קהילה: רעליגיעזע ענינים, חינוך, שולן, האַנדל, שטייערן. נאָר די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען אין פוילן, האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אויך קיין כאָ־

ראָסטקאָוו. דאָס לעבן איז געוואָרן שווערער און אומרואיקער. אַפּילו די פּראָטאָקאָלן פֿון די זיצונגען פֿון דער קהילה־פֿאַרוואַלטונג האָט מען פֿאַרלאַנגט צו פֿירן אין דער פּוילישער שפּראַך. רעפֿערענטן פֿון סטאַראָסטע האָבן זיך אַריינגעמישט אין די אינערלעכע קהילה־אָנגעלעגנהייטן און דער בודזשעט האָט באַדאַרפֿט באַשטעטיקט ווערן דורך דער וואָיע־וואָדישער מאַכט. האָט מען אַ ריי אַקטיוויטעטן, באַזונדערס אויפֿן נאַציאָנאַלן פֿראָנט, באַדאַרפֿט פֿירן אין הינטערגרונט. די באַדערפֿענישן זענען דערוויילן געוואַקסן און די הכנסות זענען קלענער געוואָרן.

די פֿאַראָרעמונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז כסדר געשטיגן. דער תּבֿואה־האַנדל, מיט וועלכן עס האָבן זיך באַשעפֿטיקט אַ סך ייִדן, איז איצט אַריבער צו די קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון. דער מאָנאָפּאָל אויפֿן האַנדל מיט זאַלץ, וועלכער איז אַמאָל איינגעשטאַנען אין ייִדישע הענט, איז אויך אַריבער צו די פּאָליאַקן.

בעת דאָס שעכט־הויז פֿאַר בהמות האָט געהערט צו דער שטאָט, איז דאָס שעכטן עופֿות געווען אין רשות פֿון דער קהילה. אין אַ לאַנגן הילצערנעם באַראַק, צעטיילט אין צווייען — פֿאַר דער שחיטה און פֿאַרן פֿליקן די פֿעדערן, וועלכע זענען פֿאַרקויפֿט געוואָרן צו סוחרים פֿאַר קישנס, איבערבעטן און קאָלדרעס. די שוחטים פֿלעגן נישט איין מאָל אויסציפּן די בעסטע פּאַך־פֿעדערן פֿון אונטער די פֿליגל, באַזונדערס ווען די קינדער האָבן געברענגט די עופֿות צום שעכטן. אַזאַ קינד פֿלעגט כאַפּן קלעפּ פֿון דער אויפֿגע־בראַכטער מאַמען, וועלכע האָט זיך נישט געפֿוילט און אַוועק צום שוחט מיט טענות.

צום סוף פֿון די צוואַנציקער יאָרן, האָט די קהילה איינגעקויפֿט 20 אַקער באָדן פֿאַר אַ נייעם בית־הקבֿרות. נאָר דער ענין איז נישט אָנגעקומען לייכט, ווייל מ׳האָט באַדאַרפֿט גובר זיין אויף אַ סך מכשולים מצד דער פּוילישער מאַכט. מקדש צו זיין דעם בית־עולם, איז פֿאַרבעטן געוואָרן דער הרב הגאון משולם ראטה פֿון בוקאָווינע, וועלכער איז געווען רבֿ ביי אונדז אין שטעטל 30 יאָר. די גאַנצע שטאָט ייִדן האָט זיך באַטייליקט אין דער צערעמאָניע און זיך באַשטייערט פֿאַר דער פֿאַרצוימונג אַרום דעם בית־הקבֿרות.

9,000 איינוווינער האָט געציילט כאַראָסטקאָוו, דערפֿון כמעט 1/3 ייִדן. לויט דעם איז אויך געווען צונויפֿגעשטעלט די מוניציפּאַלע זעלבסטפֿאַרוואַלטונג: 36 ראַטמענער, צו 12 פֿאָרשטייער פֿון די אוקראַינער, פּאָליאַקן און ייִדן, הגם די אוקראַינער זענען געווען אַ מערהייט. אַזוי איז עס געווען ביזן סוף פֿון ערשטן וועלט־קריג.

דער פֿאָרזיצער איז תּמיד געווען ווער פֿון דער אָרטיקער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע, (אין אונדזער פֿאַל — דער אָרטיקער גראַף), וואָס פֿלעגט דעם רובֿ צייט פֿאַרברענגען אין ווין, אַלס שטאַלמייסטער אויפֿן הויף פֿון קיסר פֿראַנץ־יאָזעף. דאָס איז געווען אַ ליבעראַלער מענטש, באַציוגן זיך פֿאָטערלעך צו די שטאָטישע איינוווינער און זייערע אינטערעסן און בדרך כּלל געדעקט פֿון דער אייגענער קעשענע דעם דעפֿיציט פֿון דער שטאָטישער קאַסע. אין שטאָטראָט גופֿא האָט אין יענער תּקופֿה געהערשט

דער גייסט פון האַרמאָניע און צוזאַמענאַרבעט. אויך די וויכטיקסטע אַמטן זענען פאַר־טיילט געוואָרן פּראָפּאָרציאָנעל לויט דעם נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל פון דער באַפעל־קערונג.

די הכנסות האָט דער שטאָטראַט געהאַט פון פאַרשידענע שטייערן, ווי אויך פון דער שחיטה פון בהמות און חזירים.

## אונדזערע ראשי־הקהל

פון די בולטע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער אין מאַגיסטראַט, ווי אין דער קהילה, געדענק איך איניקע געשטאַלטן, וועלכע דאַרפן פאַרצייכנט ווערן אין ספר:

נאָכן קריג זענען געווען אין כאָראָסטקאָוו 4 יידישע דאָקטוירים, איין אַפּטייקער און איין מלוכהשער יידישער וועטערינאַר־דאָקטאָר.

בראש פון דער ערשטער דערוויילטער קהילה־פאַרוואַלטונג איז געשטאַנענען משה ווייסעלבערג. אַ רייכער ייד געווען, נאָר אָרעם אין וויסן און בילדונג. געטאָן אַלץ אויף אייגענער האַנט, נישט פרעגנדיק קיינעם. די שטאָט האָט אים גערופן „משה דער רויטער". אַ דאַנק דעם דרוק פון תקיפים און זיינע מקורבים, איז מעגלעך געווען, אַז אַזאַ ייד זאָל שטיין בראש פון אַ שוין געקליבענער קהילה־פאַרוואַלטונג.

נאָך אים איז ראש־הקהל געווען אריה בראָנשטיין (אריה בערטשיס) — אַ פאַר־מעגלעכער ייד, אַ בר אורין, ירא שמים און הייסער טשאָרטקאָווער חסיד, אָבער צו שוואַך געווען צו פאַרנעמען אַזאַ וויכטיקן אַמט. בלויז איין קאַדענץ איז ער געווען פאָרזיצער פון דער קהילה.

דער דריטער ראש־הקהל — שמואל־הערש פאָגעל, פון פאַך אַ שמיד און פאַכטער. ער האָט גראָד מער מצליח געווען ווי זיינע פאָרגייער, געווען באַפריינדעט מיטן רב. ער האָט רעמאָנטירט די שול, אָבער אויפן כסא פון ראש־הקהל געזעסן אויך נישט מער ווי איין קאַדענץ. זיין נאָכפאָלגער, חיים־שמעון מילראַד, אַ פאַרמעגלעכער סוחר און אָרנטלעכער ייד, איז אָבער אין קהלישע געשעפטן געווען שוואַך. צוליבן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914 האָט ער נישט באַוויזן אַפילו איין קאַדענץ צו זיין ראש־הקהל. נאָכן פאַרנעמען דאָס שטעטל דורך די רוסן, האָבן זיי באַמינירט ממונים איבער דער קהילה. מיטן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, ווען די אוקראַאינער האָבן איבערגענומען די מאַכט אין שטעטל — זענען צום ערשטן מאָל, אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן, דערוויילט געוואָרן אַ קהילה־פאַרוואַלטונג, בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען יעקב־משה פריש — אַ ייד אַן עקשן, וועלכער איז אַריינגעפאַלן פון איין עקסטרעם אין צווייטן, פון די ערשטע ציוניסטן אין שטעטל, נאָך פון די יאָרן 1900—1914. אַ דאַנק אים האָט כאָראָסטקאָוו זוכה געווען צו אַ באַנק, אַ ביבליאָטעק. אָבער אין נאַציאָנאַל־ראַט האָט ער זיך געפירט מעשה דיקטאַטאָר. ערשט אין יאָר 1921 איז מיט דער הילף פון דער מאַכט געלונגען

ביי אים אַרויסנעמען דעם קהילה־סטעמפּל. די לאַגע אין דער קהילה איז געווען שלעכט, און מ׳האָט באַדאַרפט אָנהייבן פון דאָס ניי.

נאָך פרישן איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּאָרזיצער פּנחס האָכמאַן. אַ פּאַרמעג־לעכער ייד, אַרענדירט די מיל, נאָר מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער און האַלב־מאָדערנע אַנשויאונגען. באַווירקט געוואָרן פון זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער און העלפער, באַזונדערס פונעם לערער מנשה פּעלנער, וועלכער האָט געוואָלט פירן אַ נאָרמאַלע קהילה־טעטיקייט, אונטער דער אָנפירונג פון דער לאָקאַלער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געוואָלט לעבן בשלום מיט אַלעמען, אָבער נישט באַוויזן מער צו אַמטירן ווי איין קאַדענץ. נאָך אים איז געקומען אַ רייכער ייד, אַ באָדן־אַרענדאַר, אָנגעפירט מיט דער אָרטיקער באַנק. אַ גוטהאַרציקער מענטש, אַ נדבן, אַ ליבעראַלער טיפּ. געטרוימט וועגן ציון. בעת זיין קאַדענץ איז געקויפט געוואָרן אַ טייל פון ראָטהויז, מ׳האָט אויך איינגעשאַפן דעם באָדן פאַרן נייעם בית־הקברות. צוליב אינערלעכע רייסערייען און אינטריגעס, האָט ער נישט געוואָלט מער פּאָרלייגן זיין קאַנדידאַטור צום צווייטן מאָל אַלס פּאָרזיצער.

דער לעצטער ראש־הקהל איז געווען מאיר געלמאַן, וועלכער האָט צוליבן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג שוין נישט באַוויזן צו ענדיקן זיין קאַדענץ.

## „תקיפים״, שו̃ל און קלויזן

מיר קערן זיך צוריק צו אַ פּיל פריערדיקער תקופה, ווען יידן אין כאָראָסטקאָוו האָבן געהאַט די אויסשליסלעכע רעכט צו האַנדלען מיט שאַרפע געטראַנקען, וואָס האָט אויך געגעבן דער קהילה אַ באַדייטנדיקע הכנסה. נאָר עטלעכע תקיפים אין שטעטל האָבן פאַרהאַנדלט מיטן אָרטיקן גראַף לעוויצקי וועגן איבערגעבן זיי די קאָנצעסיע אויף מסחר מיט בראָנפן און פאַרן באַקומענעם געלט טאַקע אויפגעבויט אַ שיינע, גרויסע שול — אָבער אויך נישט פאַרגעסן צו נעמען פאַר זיך לייטישע „טירחה־געלט״, פאַר וועלכן זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט דריי 2־שטאָקיקע געמויערטע הייזער, די איינציקע אין שטעטל. אויך דער גראַף לעוויצקי האָט זוכה געווען, אַז זיין נאָמען און הערב זענען געווען אויסגעקריצט אויפן אַריינגאַנגס־טויער פון דער גרויסער שול. וואָס שייך די הייזער פון די תקיפים, זענען זיי תמיד געשטאַנען אומבאַוווינט און דאָס שטעטל האָט געוווּסט צו דערציילן וועגן שדים און רוחות וואָס געוועלטיקן דאָרט אין די נעכט... מען האָט דערין געזען אַ שטראָף פאַרן פינצטערן געשעפט צווישן עטלעכע „שיינע יידן״ און אַ קריסטלעכן פּריץ.

דער בנין פון דער שול איז געווען זייער אַ שיינער. אין דער הייך — די ווייבער־שול, עזרת־נשים. אונטן, רעכטס — דאָס גרויסע בית־המדרש, ווו עס האָבן געדאַוונט די אָנגעזעענע בעלי־בתים פון שטעטל און דער רב. דאָרט זענען אויך פאָרגעקומען עפנט־לעכע אסיפות. לינקס האָט זיך געפונען די שניידער־שול, ווו עס זענען אָפט פאָרגעקומען

מחלוקתן צוליב אַן „עלייה" צו דער תורה. דאָרט האָבן מתפּלל געווען די בעלי־מלאכות און די אָרעמקייט.

אויסער דעם איז אין כאַראָסטקאָוו געווען די גרויסע קלויז — אַ לאַנגער בנין, צעטיילט אין צווייען דורך אַ דיקער וואַנט, וועלכע האָט אָפּגעטיילט די עזרת נשים. דאָ האָבן געדאַוונט די סוחרים און קרעמער, דאָס אָרט האָט אויך געדינט אויף אָפּצוהאַלטן פאַרזאַמלונגען און אויסצוהערן דרשות פון דורכפאָרנדיקע מגידים. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די צאַרישע אַרמיי באַשטימט די קלויז פאַר אַ מיליטערישן שפּיטאָל. אין יאָר 1915־16 איז די קלויז חרוב געוואָרן און שפּעטער איבערגעבויט געוואָרן מיט מער פאַרנעם און פּראַכט, ווו עס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער רוב ציוניסטישע פאַר־זאַמלונגען.

אינעם קליינעם בית־המדרש האָבן מתפּלל געווען די האַנטווערקער און דער א. ג. מיטלשטאַנד. אויף דעם אָרט זענען געזעסן עטלעכע בחורים און מיט התמדה געלערנט תורה. אייניקע פון זיי געדענק איך: יוסף גראַס, שלמה שניידער, משה־לייב קרענקל און אַנדערע.

אויסער דעם האָט אין כאַראָסטקאָוו זיך געפונען די הוסיאַטינער קלויז און די קלויז פון די טשאָרטקאָווער חסידים. פאַרשטייט זיך, אַז אָפיציעל האָבן די אַלע געבעט־הייזער באַלאַנגט צו דער קהילה, נאָר די זאָרג פון אויסהאַלטן יעדער שול און שטיבל, איז געלעגן אויף די באַזונדערע מתפּללים.

### יידישער חינוך

אין שטאָט זענען געווען צוויי מלוכהשע שולן: איינע פאַר יינגלעך, איינע פאַר מיידלעך. די לעצטע איז געפירט געוואָרן דורך נאָנעס פון אַ מאָנאַסטיר. קיין יידישע לערערס זענען נישט געווען, אויסער דעם לערער פאַר רעליגיע אין דער יינגלעך־שול. דערנאָך, ביי די עסטרייכער, זענען אויף 12 לערערס געווען 3 יידן. ווען די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די הערשאַפט, אין יאָר 1920, איז זייער ערשטע אויפגאַבע געווען: באַזייטיקן די יידישע לערערס, אויסער דעם פון רעליגיע, ווייל דאָס לערנען דעם קעגנשטאַנד, איז געווען אָבליגאַטאָריש. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די איינציקע העברעישע שול, וועלכע האָט עקזיסטירט פון יאָר 1912, געווען געשלאָסן ביזן יאָר 1920. אין אונדזער שטעטל האָבן געלערנט אַזעלכע לערער, וועלכע זענען שפּעטער באַרימט געוואָרן אויסער די גרענעצן פון כאַראָסטקאָוו: שאול שאַרפשטיין, סאַפּירשטיין, צבי אונגער.

אַ דאַנק דעם פאַראייניקטן כוח פון דער קהילה און פרייוויליקע פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, האָט די העברעישע שול זיך אַנטוויקלט און יעדער יאָר זענען צוגעקומען נייע קלאַסן.

אין יאָר 1907, צי 1908 בערך, האָט דער אָרטיקער רב געגרינדעט אַ תלמוד־תורה, ווו יידישע קינדער, אין עלטער פון 5 ביז 15 יאָר, האָבן געלערנט אין באַזונדערע קלאַסן דעם א״ב — ביז חומש, רש״י און גמרא, תוספות, ווי אויך חשבון, יידישע געשיכטע און אַנדערע קעגנשטאַנדן. נאָר דער עקספּערימענט איז נישט געלונגען און מ׳האָט זיך אומגעקערט צום פּרימיטיוון סיסטעם פון חדר. דאָ האָט מען שוין געלערנט אין גרויס ענגשאַפט, ביז 20—30 קינדער אין אַ צימער, 10 און 12 שעה אַ טאָג. אַ קינד וואָס האָט נאָך רעכט נישט געקענט דעם א״ב, האָט געמוזט לערנען חומש, ווייל דעצידירט האָט קודם־כל — דער עלטער פונעם קינד. דאָס פירן דאָס קינד אין חדר אַריין ביי 5 יאָר, איז באַגלייט געווען מיט אַ „משתה״ פאַר דער משפחה, פריינד און תלמידים.




דער סטעמפּל פון דער כאַראָסטקאָווער תלמוד־תורה.

החותמת של תלמוד־תורה בחורוסטקוב.

אינעם חדר ווו מ׳האָט געלערנט חומש, האָבן שוין געהערשט עטוואָס בעסערע באַדינגונגען ווי אין די דרדקי־חדרים. פאַרמעגלעכערע יידן האָבן זיך אויסגעקליבן בעסערע מלמדים און באַקוועמערע חדרים. אָבער נישט אַלע תלמידים האָבן דאַנערשטיק, ביים פאַרהערן, געקענט די פּרשה פון דער וואָך, צי בכלל געמאַכט וועלכן ס׳איז פאַר־שריט אין לערנען. דער העכערער רעליגיעזער חינוך איז געווען ביי אַ רבין פון גמרא, תוספות, משניות. דאַקעגן די פעיקע און רייכערע קינדער, וועלכע האָבן געענדיקט אַ 6־ צי 7־קלאַסיקער פּאָלקס־שול, זענען אַנגעקומען אין גימנאַזיע אין די אַרומיקע גרעסערע שטעטלעך און דאָ בדרך־כלל זיך אויסגעצייכנט אַלס גוטע שילער. די דאָזיקע יוגנט איז שפּעטער געווען איבערגעגעבן מיט לייב־און־לעבן דער ציוניסטישער אידעע און אויף דעם געביט אַ סך אויפגעטאָן אין שטעטל.

## די ציוניסטישע באַוועגונג

נאָך פאַרן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל און פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער אַלטוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט, האָבן אין כאַראָסטקאָוו זיך שוין געפונען הייסע אַנהענגער פון ציון־אידעאַל: די ברידער יעקב־משה, חיים און אהרן פריש, דער דייטש־לערער פאַר מיידלעך — געלמאַן, דער געלערנטער חיים־ישראל הארניש, אליעזר פאַסטערנאַק, דער רעליגיע־לערער אין די

פֿאָלקס־שולן — יעקב בערמאַן (אויפֿן אָרט פֿון מנשה פֿעלנער און פֿאַר אים — דער לערער אליעזר שעכטער און אַנדערע). זיי האָבן געגרינדעט די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע „שפה ברורה", מיט אַ ביבליאָטעק און פֿאָלקס־קאַסע. בעת אין אַנדערע שטעטלעך האָבן אַזעלכע טוער געהאַט אויסצושטיין שיקאַנעס מצד דער מאַכט, פֿון פֿאַנאַטישע עלטערן, אַסימילירטע קרייזן און סתם כוליגאַנעס — איז די טעטיקייט אין כאָראָסטקאָוו אָנגעגאַנגען רויק און ביי גינסטיקע באַדינגונגען. עס איז געפֿירט געוואָרן אַ ברייט־פֿאַרצווייגטע אַרבעט, קורסן פֿאַר עברית, עס זענען פֿאַרשפּרייט געוואָרן שקלים און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף צו דעראָבערן די יידישע קהילה, לויט די אָנווייזונגען פֿון דער צענטראַלע אין ווין. ביי דער זייט פֿון די מאיר־בעל־הנס־פּושקעס, האָבן זיך באַוויזן די בלוי־ווייסע פּושקעס פֿון קרן קיימת לישראל, אין וועלכע יידן האבן גערן געוואָרפֿן מטבעות.

די אַסימילאַטאָרן און שטאַרק פֿרומע קרייזן איז נישט געווען צום האַרצן די אויס־געוואָקסענע השפּעה און אַקטיוויטעט פֿון די ציוניסטן און זיי האָבן אָנגעווענדעט פֿאַר־שידענע מיטלען, כדי באַשווערן און פֿאַרביטערן דאָס לעבן. באַזונדערס איז דאָס געקומען צום אויסדרוק, ווען אין יאָר 1907 האָבן די ציוניסטן געוואַגט אַרויסצושטעלן אַן אייגענע קאַנדידאַטן־ליסטע צום פּאַרלאַמענט פֿון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע און גערופֿן צו שטימען פֿאַר אייגענע, נאַציאָנאַלע קאַנדידאַטן. ווייל ביז איצט האָבן יידישע ווײלער, אונטער דער השפּעה און דרוק פֿון די פֿאַרשידענע רבנישע הייף און פֿון די אָרטיקע אַסימילאַטאָרן, געשטימט פֿאַר פּאָליאַקן, אַלס זייערע פּאַרלאַמענטאַרישע פֿאַר־שטייער. אין כאָראָסטקאָוו האָט מען אַלס „שטראָף" פֿאַר ציוניסטישער טעטיקייט צוגענומען ביי יעקב־משה פֿריש די קאָנצעסיע צו קאָנטראָלירן און רעגולירן די זייגערס פֿון די באַן־סטאַציעס אין גאַנצן ראַיאָן. דעם אַקטיוון ציוניסט קלמן זעלצער, פֿון פֿאַך אַ שניידער, האָט מען באַשולדיקט אין כלומרשטער שיכרות (נאָך אַ „קידוש" ביי אים אין שטוב) און ביי דער געלעגנהייט אויך פֿאַרמאַכט די היימישע בעקעריי, וועלכע זיין פֿרוי האָט געפֿירט אומלעגאַל, כדי העלפֿן דעם מאַן אין פּרנסה. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן פֿון דראָונגען כלפּי די סוחרים, האַנטווערקער און אַרבעטער. נאָר דער עולם האָט נישט נאָכגעגעבן.

ווען דער ציוניסטישער קאַנדידאַט איז געקומען אָפּהאַלטן אַ וואַל־מיטינג אין כאָראָסטקאָוו, האָבן כמעט אַלע יידן פֿון שטעטל זיך געלאָזט צום ווייטן זאַל. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זיבן און כ'געדענק ווי דער קאַנדידאַט, ד"ר בראַון, האָט זיין רעדע אָנגעהויבן מיט די צוויי ווערטער „עברי אנכי" — און גלייך געפּאַנגען אַלעמענס הערצער... דער וואַל־נצחון איז געווען אַ גרויסער. צום ערשטן מאָל האָבן די יידן פֿון גאַליציע און בוקאָווינע אַריינגעשיקט אין פּאַרלאַמענט 4 דעפּוטאַטן, רעפּרעזענטאַנטן פֿון נאַציאָנאַלן יידנטום. דער עולם האָט דערין געזען אַן „אתחלתא דגאולה"

אין קלוב פון „שפה ברורה" האָט יעדער געקענט לייענען די ציוניסטישע צייטונגען, ווי „דאָס טאָגבלאַט", די פּוילישע „כווילאַ" וועלכע איז דערשינען אין לעמבערג. די אָרגאַניזאַציע האָט אויך איינגעפירט אָוונט־קורסן צו לערנען העברעיש, געגרינדעט אַ ליי־קאַסע צו ערטיילן קרעדיט אויף באַקוועמע באַדינגונגען דעם קליינהענדלער און בעל־מלאכה — דעם רוב ייִדישע איינוווינער פון שטעטל.



ספּאָרט־קלוב „הכוח"

מועדון־ספורט „הכוח"

דער דראַמאַטישער קרייז, וועלכער האָט זיינע רעפּעטיציעס אַדורכגעפירט אין דער וווינונג פון שניידער ישראל־הערש לאַנג און זיין גוטהאַרציקער, קלוגער פרוי חיה־שרה, האָט מיט דערפאָלג געשטעלט עטלעכע געלונגענע פאָרשטעלונגען. דאָס זענען געווען די איינציקע טעאַטער־אונטערנעמונגען אין שטעטל, ווייל אַפילו די וואַנדערנדיקע ייִדישע טרופּעס האָבן אויסגעמיטן כאָראָסטקאָוו. הגם די פאָרשטעלונגען זענען נישט געווען אויסגערעכנט אויף רווחים, האָבן זיי דאָך געגעבן תמיד אַ געוויסע הכנסה, מיט וועלכער עס איז געשטאַרקט געוואָרן די גמילות־חסד קאַסע. די יוגנט, אַפילו די פון אַסימילירטע און א. ג. בעסערע היימען, האָט אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

גרויס דערפאָלג האָט געהאַט דער ערשטער ספּאָרט־פעסט און סקויטישער אויפטריט פון דער ציוניסטישער יוגנט אין שטעטל, פאָרגעקומען אין יאָר 1910 אויפן גראָז־פּלאַנט

פאַרן וואָקזאַל. גרויס און קליין האָבן זיך באַטייליקט אין דער פּייערונג. דערמוטיקט פון דער געלונגענער אונטערנעמונג, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ מאַטעריעלן דערפאָלג, האָבן די איניציאַטאָרן: די ברידער פּריש, געלמאַן, כץ און מנשה פעלנער, באַשלאָסן מיט 2 יאָר שפּעטער, אין 1912, אַדורכצופירן אַ צווייטן „פּעסט". דאָס מאָל איז די פּייערונג פאָרגעקומען שוין אין שטאָט, מיט אַ פאָרשטעלונג „דבורהלע די מיוחסטע", אין שטאָטישן זאַל, ווי אויך אַ טאַנץ־אָוונט מיט אַן אָרקעסטער.

לויטן פּלאַן, האָט אויך אין יאָר 1914 באַדאַרפט פאָרקומען אַ „פּעסט", נאָר דער אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג האָט צעשטערט אַ סך פּלענער. אין שטעטל הייבן אָן זיך באַווייזן יידן־פּליטים, וועלכע זענען צוליב די קריגס־אָפּעראַציעס אויסגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען. די ציוניסטישע טוערס זענען איצט פאַרנומען מיט דערלאַנגען הילף די אומגליקלעכע, אויפנעמען זיי מיט אַ גלאָז טיי, אַ הייסע זופּ, מיט אַ מלבוש און אַ פּאָר שיך. און די וואָס האָבן זיך געלאָזט אין ווייטערן וועג, האָט מען באַזאָרגט מיט צידה לדרך.

מיטן פאַרנעמען די שטאָט דורך די רוסן, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן יעטוועדע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, ווייל די נייע הערשער האָבן זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדערן פאַרדאַכט צו דער יידישער באַפעלקערונג. אויך די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך אַ סך פאַרערגערט, די שפּייז־פאַרזאָרגונג איז געווען אַ שלעכטע.

אין יענער תקופה האָט אַ ספּעציעלער פרויען־קאָמיטעט אויפגעטאָן זייער פיל, כדי צו לינדערן די נויט פון דער געליטענער יידישער באַפעלקערונג. בראש פון דעם קאָמיטעט איז געשטאַנען די פרוי מרים־הירש (אַלע אירע קינדער געפינען זיך אין ישראל און פאַרנעמען דאָ וויכטיקע פּאָזיציעס). דער פרויען־קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו העלפן פרויען, וועמענס מענער זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, ווי אויך קראַנקע פרויען און אַדורכפירן די מצווה פון הכנסת־כלה; אַרויסגעבן אָנפּראָצענטיקע הלוואות יענע פרויען, אויף וועלכע ס'איז געפאַלן דער גאַנצער עול פּרנסה. דער קאָמיטעט האָט געהאַט זיינע הכנסות פון חודשלעכן אָפּצאָל פון מיטגלידער און פון רייכערע יידן; פון פאַרשידענע אונטערנעמונגען און פאָרשטעלונגען, וועלכע זענען צוגעגרייט געוואָרן דורך די פאַרבליבענע אין שטאָט יוגנט־לעכע, וועלכע זענען נישט מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. אויף די אונטערנעמונגען האָט מען צוגעגרייט אַ פאַנטן־לאָטעריע און אַ בופעט, וועלכע האָבן תמיד אַריינגעבראַכט באַדייטנדיקע הכנסות, ווייל די פאַנטן און מאכלים מיט דער משקה זענען געשאָנקען געוואָרן פרייוויליק.

נאָך פיר יאָר קריג, נצחונות און מפּלות, ליידן און פּיין — איז געבוירן געוואָרן אַ נייע וועלט, נייע רעזשימען און אַ נייע פּאָליטישע מאַפּע אין אייראָפּע. די באַלפור־דעקלאַראַציע און די מיט איר פאַרבונדענע האָפענונגען האָבן אַריינגעהויכט אַ נייעם

אָטעם פון אידעאַליזם און אַקטיוויטעט פאַרן יידיש־נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, וואָס האָט געהאַט איר אויסווירקונג אויך אין כאַראָסטקאָוו.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל איז זיך צעפאַלן אויף דעם רוב גרופּן און פּאַרטייען פון אַלע שאַטירונגען. עס ווערט געבוירן אַ סניף פון די א. ג. רעכטע פּועלי־ציון — „התאחדות" און „מזרחי", וועלכע האָט אַריינגענומען כמעט אַלע דער־וואַקסענע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע יידן אין שטעטל, מיטן הרב משולם ראטה ז"ל בראש, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט אין לעמבערג און דעפּוטאַט פון פאַראייניקטן ציוניס־טישן בלאָק צום פּוילישן סיים, נאָך די וואַלן אין יאָר 1922. ער האָט דערנאָך מוותר געווען פון דעם מאַנדאַט לטובת דעם אַלגעמיינעם ציוניסט פון לעמבערג, ד"ר אינזלער, אָבער פריער געווען זייער אַקטיוו אין דער וואַל־קאַמפּאַניע אין שטעט און שטעטלעך פון מזרח־גאַליציע.

די לינק־ציוניסטישע און אַנטי־ציוניסטישע גרופּן האָבן אין כאַראָסטקאָוו נישט געהאַט קיין השפּעה. נאָך די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ אין סאַן־רעמאָ (1922), געדענק איך, ווי פּרויען האָבן אַראָפּגענומען פון די פינגער זייערע קידושין־רייפלעך און אַנדערע צירונג, כדי זיי שפּענדן פאַר ארץ־ישראל. דאָס זעלבע — ביים דערעפענען דעם ירושלימער אוניווערסיטעט אויפן הר־הצופים. די התלהבות איז געווען גרויס.

אויך צו די סיים־וואַלן אין די יאָרן 1922 און 1928, האָבן כאַראָסטקאָווער ציוניסטן פון אַלע שאַטירונגען געגעבן זייער באַדייטנדיקן צושטייער און הילף. שוין דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אַנטיסעמיטישע טענדענצן און אַנטי־יידישע האַנדלונגען מצד דער רעגירונג און די לאָקאַלע מאַכט־אָרגאַנען. גראָד אין יענער תקופה איז די ציוניסטישע אַרבעט געפירט געוואָרן מיט אַ סך פאַרנעם און שוווּנג אויף כמעט אַלע געביטן, באַזונדערס אין דער קהילה. וועגן דער מאָס אַקטיוויטעט זאָגט עדות דער פאַקט, אַז דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון לעמבערגער פּאַלעסטינער־אַמט האָט פאַרנומען און־דזערס אַ בן־עיר. דאָס זעלבע — דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון „התאחדות" אין לעמבערג, וועלכער האָט דערנאָך עולה געווען קיין ארץ־ישראל און דער סעקרעטאַר פון די גאַליצישע דעפּוטאַטן אין סיים אין וואַרשע.

באַזונדערס טעטיק איז געווען די „התאחדות". פון אירע רייען זענען פיל יוגנטלעכע אַוועק אויף חלוצישע הכשרה, כדי דערנאָך עולה זיין קיין ארץ־ישראל אויף סערטי־פיקאַטן.

אין כאַראָסטקאָוו ווערט געגרינדעט אַ גרויסער סניף פון „התאחדות", בראש פון וועלכן ס'איז געשטאַנען פישל ווערבער ז"ל, שפּעטערדיקער סעקרעטאַר פון דער לאַנד־באַוועגונג אין לעמבערג. אויך פנחס לבון (דעמאָלט: לוביאַניקער) האָט אַ סך מאָל באַזוכט אונדזער שטאָט אין שליחות פון דער צענטראַלע.

פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער „הנוער

הציוני". הערש־מענדל קליינער (איצט אין אַמעריקע) און דער שרייבער פון די שורות זענען אַ געוויסע צייט געשטאַנען בראש פון „התאחדות", וועלכע איז אין די דרייסיקער יאָרן געווען אַ מוסטערהאַפטע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל. לײדער, ווינציק פון זיי האָבן זוכה געווען עולה צו זיין, וויל אויסער די שוועריקייטן פון עלייה, זענען אַ סך פון זיי געווען צוגעבונדן צו טאַטע־מאַמע און צו די היימען און זיי נישט געוואָלט איבערלאָזן.

עטלעכע יאָר פאַרן חורבן איז אויך אַנטשטאַנען אַ סניף פון בית"ר. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, ווי די אַנדערע אין כאָראָסטקאָוו, האָט אַ סך געטאָן, פּראַקטיש און אידעיש, צו פאַרפלאַנצן דעם ציוניסטישן געדאַנק אין די הערצער פון דער יידישער יוגנט.



סניף „התאחדות"

איך געדענק נישט דעם גענויעם טערמין ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן די „יד חרוצים", נאָר איך בין זיכער, אַז דאָס איז געווען איינע פון די ערשטע אָרגאַניזאַציעס פון דעם מין אין מזרח־גאַליציע. די אויפגאַבע פון „יד חרוצים" איז געווען: אָרגאַניזירן דעם יידישן האַנטווערקער און בעל־מלאכה און צו זיין ציוניסטיש אַקטיוו אין שטעטל.

## יידישע פרנסות

דעם אויבנאָן האָט זיכער פאַרנומען דער וועכנטלעכער יאַריד, וועלכער האָט צונויפ־געבראַכט קיין כאָראָסטקאָוו הונדערטער און הונדערטער פּויערים, סוחרים, קליינהענדלער

און בעלי־מלאכות, כדי דאָ פאַרקויפן, קויפן און אַדורכפירן אַלערליי טראַנזאַקציעס, ביי דער אַקטיווער באַטייליקונג פון כמעט אַלע יידן פון שטעטל, ווען ס'איז אין רוב פאַלן געלונגען צו באַזאָרגן זיך מיט פרנסה אויף אַ וואָך צייט — ביזן נאָענטסטן יאַריד.

אונדזערע קאָוואַליעס (שמידער) זענען געווען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט. דאָס דאָזיקע פאַך פלעגט איבערגיין בירושה פון דור צו דור. דאָס איז געווען אַ „גאָלדן פאַך" אין דער תקופה, ווען דאָס איינציקע קאָמוניקאַציע־מיטל איז געווען פערד־און־וואָגן. ווי שוין דערמאָנט, איז איינער פון די שמידער דערגאַנגען צו גרויס עשירות און אַ געוויסע צייט געווען אַפילו פאָרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. אויך די יידישע סטאָליערס זענען געווען אַ מין משפּחהדיקער צעך און באַזאָרגט מיט מעבל ביי אַ 20 דערפער אין דער סביבה. אין יאַריד־טאָג, יעדן מאָנטיק, האָבן זיי אויס־געשטעלט זייער מעבל לענגאויס די גאַסן, פּאַראַלעל צו דער רויטער בריק. באַזונדערס זענען געווען באַרימט זייערע שלאָפבענק (אָדער באַנקבעטל), אין וועלכן ביינאַכט האָבן דאָרט געקענט שלאָפן צוויי דערוואַקסענע, אָדער דריי קינדער און בייטאָג האָבן זיי געדינט אַלס בענק צום זיצן; פאַרשידענע טישן, בענק, שענק און די באַרימטע קופערטס — טיפּע, פירעקיקע קאַסטנס מיט פיר ברייטע פיס, וועלכע די אוקראַינער האָבן גערופן „סקריניאַ".



די שטאָטישע יאַטקעס — האטליזים העירוניים

די יידישע בלעכערס האָבן געהאַט הויך־סעזאָן אין די הייסע זומער־חדשים, ווען פויערישע כאַטעס זענען אַוועק מיטן רויך און די געליטענע פון דער שריפה האָבן באַשלאָסן, אַז אַ דאַך פון בלעך איז זיכערער קעגן אַ שריפה איידער שטרויענע דעכער.

צוויי סאָרטן שניידערס האָבן געליפערט מלבושים פאַרן שטעטל און סביבה: די וועלכע האָבן געאַרבעט לויט באַשטעלונגען און די „א. ג. טאַנדייטערס, וועלכע האָבן געניייט פאַר די מערק און יאַרידים. אויך די יידישע היטלמאַכערס און קירזשנעס האָבן בכבודיק געצויגן חיונה פון זייערע פאַכן. דראָזשקאַזשעס און בעלי־עגלות האָבן געפירט פאַסאַזשירן און סחורות צו דער באַן־סטאַציע, ווייט אַ צוויי קילאָמעטער פון צענטער שטאָט און אין דער אַרומיקער געגנט. געווען אויך טרעגערס, בעקערס, שוסטערס, וואַסער־טרעגערס — און די אַלע האָבן אין זייער גרעסטער מערהייט געהערט צו „יד חרוצים".
די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט אויף זיך גענומען פרייוויליק די מצווה פון ביקור־חולים — הילף דעם קראַנקן חבר און זיין משפחה. אין טאָג פון משה רבינוס יאָרצייט, ז׳ אדר, האָבן זיי אַדורכגעפירט די יערלעכע סעודה און פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳זענען אויסגעקליבן געוואָרן דער ערשטער און צווייטער גבאי, אַ נאמן און משגיח. יעדער האָט געהאַט זיין אויפגאַבע. דער נאמן איז געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די פינאַנסן, דער משגיח האָט באַדאַרפט באַזאָרגן די באַזוכן און נעכטיקן ביים קראַנקן.

ווי געזאָגט, איז דער וועכנטלעכער יאַריד געווען דער יסוד פאַרן מסחר אין שטאָט. פלעגן יידן יעדן מאָנטיק זיך אויפהייבן אין דער פרי מיט אַ תפילה, אַז עס זאָל נישט רעגענען צי שנייען, ווייל דעמאָלט האָבן אַ סך פויערים זיך אָפּגעהאַלטן פון קומען קיין כאָראָסטקאָוו. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אין אַזאַ שטעטל ווי אונדזערס, איז כמעט יעדער צווייטער ייד געווען אַ סוחר, קליינהענדלער, אָדער סתם געהאַט צו טאָן מיט מסחר, אין וועלכער ס׳איז פאָרם. אַ ייד, וועלכער האָט זיך גענומען אַן הלוואה אין דער גמילות־חסד קאַסע אָדער ס׳איז ביי אים נאָך עפּעס פאַרבליבן פון נדן, האָט געקויפט אַ וואָג, עטלעכע געוויכטן, אַ פּאָר זעק — און געוואָרן אַ תבואה־סוחר. אין יאַריד־טאָג האָט מען קיין כאָראָסטקאָוו געבראַכט אַ 50—60 וואַגאָנען תבואה צו די גרויסע סוחרים, מיט זייערע שפּייכלערס. זיי האָבן געליפערט די תבואות קיין לעמבערג און אַפילו עקספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד. דאַקעגן די קליינע סוחרים האָבן מיטן זעקל אויף דער פּלייצע זיך געיאָגט איבער די דערפער, אָדער אַרומגעפאָרן איבער די אַרומיקע יאַרידים.

די מעלה פון תבואה־האַנדל איז געווען די, וואָס ער איז געפירט געוואָרן פאַר מזומן. דאַקעגן אין די קראָמען פון שפּייז, טעקסטיל, אייזן, בוי־מאַטעריאַלן און אַנדערע, איז געווען פאַרוואָרצלט דער סיסטעם פון קרעדיט — און נישט איין יידישער סוחר, צי קרעמער האָט שפּעטער געהאַט גרויסע צרות פון אומערלעכע קונים. אַזעלכע געליטענע סוחרים האָט נאָך דער הורטאָווניק אָפּגעשטעלט דעם קרעדיט, וואָס האָט מערער פאַר־

1919 — יאהר XX — 1939

# יודיש דראמ. ליט. ציירקעל אין כאראסטקוב.

צים 20 יעהריגען יובל פינם י. ד. ל. צ. אין איהר לייה־ביבליאטעעק
ווערט איינגעארדנעט שבת דעם 8 אפריל 1939 אין זאל פינם בית־עם

## א פייערליכע יובל אקאדעמיע

:־: מיט פאלגענדען פראגראם : :־:

1. תחזקנה
2. ערעפנונג
3. בעגריסונגען פין ארג. אין אינסטיטוציעס
4. א ציקל פין ערינערונגען פין געוועזענע מיטגלידער
5. רעפעראט
6. א בעריכט איבער דער טעטיק. פינם י.ד.ל.צ.
7. פערספעקטיוען
8. רעציטאציעס אין דעקלאמאציעס
9. „ירמיהו" סטעפאן צווייג
10. שלוס.

נאכן פראגראם **טענץ,**

צי וועלכען מיר האבען דעם כבוד אייך איינצולאדען.

אנפאנג (20) 8 א זייגער אבענדס. אייגענע בופעט. מוזיק קלעסנער. ענטרעע 1 זל

Z OKAZJI DWUDZIESTOLECIA ISTNIENIA
ŻYDOWSKIEGO KÓŁKA DRAMATYCZNO-LITERACKIEGO
W CHOROSTKOWIE

1919 | **XX יעהריגער יובל** | 1939

פינם יודיש־דראמאטיש־ליטעראַרישען צירקעל אין כאראסטקוב.

**1919** האט א גרופע פין דער ארטיגער אידישער בעפעלקערונג געגרינדעט אַ קלוב מיטן ציעל זיך צי האבען ווי צי אַמוזירען אין פרייע שטונדען, אין ביי דער געלעגענהייט אויך קולטורעלען ניצען צי ברענגען פאר דער יוגענד.
דער גרונדשטיין צים יוד. דראמ. ליט. צירקעל איז אזוי געלעגט געווארען.
אַ דראמאטישע סעקציע האט זיך דארט פארמירט אין האט מיט פיעל ערפאלג שיינע אין ווערטפולע לייסטונגען ערציעלט.
אַ ביבליאטעעק איז געשאפען געווארן.
אַ קולטורעלער צענטרום אין אַ ערציהערישער אינסטיטוט איז אויסגעוואקסען.
אין שטורמבעוועגטע צייטען איז דער יוד. דראמ. ליט. צירקעל אויפגעבויעט געווארען.
אין שטורמעריש איז געוועהן זיין ענדוויקלונגס־גאַנג, נישט איינמאהל איז זיין עגזיסטענץ בעדראָהט געוואָרען, פיעל מאהל זענען די ביכער אין קעלערס געליגען.
**אללע אינדערניסע האט דער י. ד. ל. צ. בעזיעגט אין אללע שוויריקייטען בעזייטיגט.**

**1939** שטעהט דער י. ד. ל. צ. אלס יובילאר, אויסגעוואקסען איז די צאהל פין זיינע מיטגלידער אין סימפאטיקער, טעטיג איז די דראמאטיש־ליטעראַרישע סעקציע אין האט צי פערצייכנען פיעל לייסטונגען צי זיין עגזיסטענץ.
דאס וויכטיגסטע אין דעצידירענסטע פינם י. ד. ל. צ. איז די ביבליאטעק מיט זיינע 2500

הזמנה לחגיגת־היובל של ה„צירקעל" (1939)
איינלאַדונג צו דער יובל־פייערונג פון „צירקעל" (1939)

שאַרפט די לאַגע. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די באמת ווילדע קאָנקורענץ צווישן די יידישע סוחרים גופא.

נאָר אַמיינסטן געליטן האָט דער יידישער האַנדל פון דער בפירושער אַנטיסעמיטי־שער פּאָליטיק פון דער רעגירונג און לאָקאַלער מאַכט. די געשאַפענע קאָאָפּעראַטיוון פון פּאָליאַקן און אוקראַינער, וועלכע האָבן באַקומען רעגירונגס־שטיצע און באַקוועמען קרעדיט, ווי אויך די פּיקעטן ביי יידישע געשעפטן און די לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ פּאָ סוואָיע" — האָבן געגצלעך רואינירט די שוואַכע סוחרים און צעטרייסלט דעם קיום פון די שטאַרקערע. אַפילו יידישע שענק און רעסטאָראַנען זענען געוואָרן בויקאָטירט און מען האָט נאָך באַדאַרפט האָבן אַ קאָנצעסיע זיי צו פירן. קיין סך דערלויבענישן צו יידן זיי זאָלן פירן אַ רעסטאָראַן — זענען נישט געגעבן געוואָרן.

אין די זומער־חדשים מאַי—יולי, ווען די קי קעלבן זיך, האָט מען אין שטעטל גע־בראַכט צו יעדער יאַריד ביי אַ 2 טויזנט קעלבלעך (ביקלעך), וועלכע זענען פאַרקויפט געוואָרן אַזש קיין ווין (דערפאַר האָט מען זיי גערופן „ווינער קעלבלעך"). דאָס שעכטהויז האָט געהאַט אַ סך אַרבעט, פּונקט ווי די פאַרשידענע מעקלערס, אויפקויפערס, טרייבע־רערס, הויטשינדערס און אַנדערע. אַזוי אַרום איז דער מסחר מיט בהמות געווען אַ וויכ־טיקער עקאָנאָמישער גורם פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

### דראַמאַטיש־ליטעראַרישער קרייז

אין שטעטל איז געווען טעטיק אַ דראַמאַטיש־ליטעראַרישער קרייז, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. צום קרייז האָבן געהערט אַ 15 בחורים און 15 מיידלעך — און ר'האָט נישט געוואָלט מערער אַריינגעמען אַלס מיטגלידער. אַ טייל האָט מורא געהאַט, אַז דער קרייז וועט זיך פאַרנעמען מיט פּאָליטיק, בעת דער אַנדערער טייל איז דווקא געווען פאַר אויסברייטערונג. דאָך איז מיט דער צייט געלונגען צו פאַרגרעסערן דעם קרייז און אַ ריי משכילים זענען אָנגענומען געוואָרן אַלס חברים. דער קרייז איז שפּעטער געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דעם סניף „התאחדות" אין שטעטל און זיין השפּעה אויפן קולטורעלן, ליטעראַרישן און דראַמאַטישן געביט, איז געווען קענטיק אומעטום. אין דער ביבליאָטעק האָבן זיך געפונען דער עיקר יידישע ביכער, און אַ ביסל העברעישע, אַנטקעגן דער ביבליאָטעק וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער ערשטער תקופה פונעם קרייז, וווּ ס'האָבן זיך דער עיקר געפונען פּוילישע ביכער. די ביבליאָטעק איז געווען איינע פון די גרעסטע אין ראַיאָן און אויך קריסטן פלעגן דאָ נעמען ביכער צום לייענען. דער קרייז האָט אַ סך ענערגיע און געלט געווידמעט דער ביבליאָטעק און איינגעקויפט אַזעלכע ביכער, וועלכע זענען נישט געווען בנמצא אַפילו אין ביבליאָטעקן פון אַ גרויסער שטאָט.

די פאַרשטעלונגען פון דראַמאַטישן קרייז זענען תמיד געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ,

איך געדענק אַ פאַל, ווען אַ וואַנדער־טרופּע איז געקומען אין שטעטל און געגרייט זיך צו געבן אַ 10 טעאַטער־פאָרשטעלונגען. די אָנפירונג פון קרייז האָט זיי געוואָרנט, אַז זייער רעפּערטואַר איז נישט קיין ערנסטער און אַנטשפּרעכט נישט דעם געשמאַק פון היגן עולם. די אַרטיסטן האָבן נישט געפאָלגט און געשטעלט אַ מאַכערייקע, אויף וועלכער דער קרייז האָט דערקלערט אַ חרם. בלויז געציילטע יידן זענען געקומען צו דער פאָר־שטעלונג — און די וואַנדער־טרופּע האָט מיט חרפּה באַצייטנס פאַרלאָזט דאָס שטעטל.



כאַראָסטקאָווער יידן אויף אַ פאָרשטעלונג פון „צירקעל" יהודי חורוסטקוב בהצגה של ה„צירקעל"

דער קרייז האָט עקזיסטירט פון יאָר 1919 ביז אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן. צענדליקער פאָרשטעלונגען האָט ער געגעבן אין כאַראָסטקאָוו און אין די אַרומיקע שטעטלעך. אַ באַזונדערן דערפאָלג האָט געהאַט לעאָן קאָברינס „דער דאָרפסיונג". אויסער־לעך האָט געהייסן, אַז דער קרייז איז אומפּאַרטייאיש, אָבער אינערלעך, אין זיין גאַנצער טעטיקייט, ווי די אָנשויאונגען פון די מיטגלידער, זענען געווען דורכאויס ציוניסטישע. אַ טייל פון די הכנסות פונעם קרייז איז געגאַנגען פאַר דער אָרטיקער העברעישער שול.

דער מאַנגל אין אַן אַנטשפּרעכנדיקן, רעפּרעזענטאַטיוון זאַל פאַר עפנטלעכע פאָר־שטעלונגען, פאָרלעזונגען, פאַרזאַמלונגען — האָט זיך נעגאַטיוו אָפּגערופן אויף דער טעטיקייט פון די פאַרשידענע יידישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געהאַט זייער „פאָלקס־הויז", האָבן נישט גערן פאַרדינגען זייערע זאַלן פאַר יידישע אונטערנעמונגען. אונדזערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן מיט אַלע כוחות און מיטלען געשטרעבט זיך איינצושאַפן אַ פּאַסיקן אָרט פאַר גרויסע אונטערנעמונגען.

אין דער זעלבער צייט ווען די שטאַט־פּאַרוואַלטונג איז געווען גרייט צו פֿאַרקויפֿן אַ טייל פֿון דער גרויסער ראַטהויז־געביידע, איז אַקטועל געוואָרן אין כּאַראָסטקאָוו די פֿראַגע פֿון אַ נייעם רב. כּדי אויסצומיידן די שטענדיקע רייסערייען, בזיונות אין שטעטל גופֿא, און די קאָנקורענץ צווישן די באַזונדערע קאַנדידאַטן פֿאַרן כּאַראָסטקאָווער כּסא הרבנות, איז אויף דער איניציאַטיוו פֿון עטלעכע פּאַראַנטוואָרטלעכע טוערס, דערגרייכט געוואָרן אַן אַלגעמיינער הסכם, אַז הרב ראַפּאַפּאָרט זאָל איבערנעמען דעם כּסא הרבנות אין שטעטל און די סומע וועלכע ער וועט דערפֿאַר אַריינטראָגן, זאָל אויסגענוצט ווערן אויף צו קויפֿן דעם פֿליגל פֿון דער ראַטהויז־געביידע. אַ דאַנק דעם הסכם, איז מעגלעך געווען דאָס שטילע באַזעצן דעם רבנות־אַמט, ווי אויך דאָס איינשאַפֿן זיך אַ רעפּרעזענ־טאַטיוון, מאָדערנעם זאַל פֿאַר יידישע אונטערנעמונגען.

## פֿרויען־אָרגאַניזאַציע

די פֿרויען־אָרגאַניזאַציע אין כּאַראָסטקאָוו האָט מיט דער צייט אַרומגענומען כּמעט אַלע דערוואַקסענע פֿרויען אין שטעטל און מיט זייער סאָציאַלער טעטיקייט און ממשותדיקער הילף דערפֿילט אַ וויכטיקע פֿונקציע צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג. די יערלעכע סובווענץ פֿון דער קהילה און באַשטייערונגען פֿון פֿאַרמעגלעכע יידן, זענען נישט געווען מסוגל צו דעקן אַלע אויסגאַבן און אויפֿגאַבן פֿון דער געזעלשאַפֿט. האָט מען צוגעטראַכט פֿאַרשידענע קוואַלן פֿון הכנסה: אַ בלימל־טאָג, מיטגלידס־אָפּצאָל, פֿאַרווײַלונגען און טראַדיציאָנעלע בעלער איין מאָל, צי צוויי מאָל אין יאָר, זאַמלונגען אויף חתונות, בריתן און אַנדערע שמחות. די בוכפֿירונג איז געווען אַ מוסטערהאַפֿטע, אונטער אַ געזעלשאַפֿט־לעכער קאָנטראָל. איך דערמאָן זיך, אַז די אָפּאָזיציע אין דער קהילה האָט אַמאָל גע־טענהט, אַז די טעטיקייט פֿון דער פֿרויען־אָרגאַניזאַציע איז עפֿעקטיווער און נוצלעכער ווי די קהילה־טעטיקייט גופֿא.

ביים גרינדן די אָרגאַניזאַציע, האָט זיך אויסגעצייכנט די פֿרוי מרים הירש, פֿאָר־זיצערין, וועלכע איז געשטאָרבן נאָך אַ שווערער קראַנקייט. נאָך איר איז געקומען טובה טענענבאַום, די פֿרוי פֿון ר׳ יאַנקעלע טענענבאַום, סעקרעטאַר פֿון דער קהילה. די דאָ־זיקע אינטעליגענטע פֿרוי האָט אַ סך יאָרן געוווינט אין ווין און געווען באַקאַנט מיט דער טעטיקייט פֿון ווױלטעטיקע אינסטיטוציעס. לײַדער, נישט לאַנג איז זי געשטאַנען בראש פֿון דער אָרגאַניזאַציע, צוליב דער קראַנקייט און פֿריצײַטיקן טויט.

דערנאָך איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פֿאָרזיצערין זיסל ראַטענבערג, אַ קלוגע, גוטהאַרציקע פֿרוי, אַן אלמנה, וועלכע האָט מיט אַ סך טאַקט און פֿעיקייט אָנגעפֿירט מיט דער געזעלשאַפֿט, געוווּסט ווען און ווי אַזוי דערלאַנגען די נייטיקע הילף. מיט אַ גוט וואָרט און יידישן וויץ האָט זי באַרואיקט געמיטער און אַרויסגערופֿן אַ שמייכל.

צום פֿאַרענדיקן מיין איבערבליק איבערן יידיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין כּאַ־

ראַסטקאָוו ביזן חורבן, וויל איך דערציילן וועגן דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון דער גמילות־חסד קאַסע.

### די גמילות־חסד קאַסע

די כאַראַסטקאָווער גמילות־חסד קאַסע, געגרינדעט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך נישט נאָר פאַרנומען מיט געבן הלוואות, נאָר אויך מיט ענינים פון ביקור חולים און.... חברה קדישא.



קאָמיטעט פון „עזרה"

די יערלעכע אסיפה פון דער קאַסע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פייערלעכער סעודה, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט אַ האַלב שטעטל דערוואַקסענע איינוווינער. נאָך דער סעודה האָט מען אויסגעהערט אַ באַריכט און געקליבן אַ נייע פאַרוואַלטונג. געוווּסט האָט מען, אַז די הלוואות ווערן געגעבן נאָר די באמת נויטבאַדערפטיקע און קראַנקע, וועלכע זענען נאָכן געזונט ווערן, געוואָרן טרייע אָפּגעבער פון די קהלשע געלטער. אָן געשריבענע סטאַטוטן, האָט זיך אַלץ געפירט סאָליד און ערלעך — און ווער ווייסט ווי לאַנג די קאַסע וואָלט זיך געפירט אויף אַזאַ פּאַטריאַרכאַלן אופן, ווען נישט דער אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג אין יאָר 1914, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די טעטיקייט נישט נאָר פון דער גמילות־חסד קאַסע, נאָר פון אַלע אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס

און אָרגאַניזאַציעס. אַפילו די ביקור־חולים־אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן, ווייל די פראָנט־ליניע אין די יאָרן 17—1915 איז געווען נאָענט פון שטעטל און יעדער האָט געזאָרגט פאַר זיין היים און משפּחה.

אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט מען אין אָנהייב געהאַט פאַרגעסן אַז אַמאָל האָט עק־זיסטירט אין שטעטל אַ הילפס־קאַסע. ערשט די אויסגעוואַקסענע נויט און באַדערפענישן פאַר אַן הלוואה, האָט דערמאָנט אין דער גמילות־חסד קאַסע. מען האָט שוין נישט גע־פרעגט וואָס איז געוואָרן מיט די געלטער, ווייל זיי זענען במילא אַנטווערטעט געוואָרן און אויך די וואַלוטע האָט זיך געטוישט, פּונקט ווי די ממשלה. פון אונדזערע ברידער אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן אָנקומען הילף און דורך דעם „דזשאָינט" זענען אין כמעט אַלע שטעט און שטעטלעך אויפגעשטעלט געוואָרן אָנפּראָצענטיקע לייַ־קאַסעס, צי קאָאָפּעראַטיווע בענק. דער פּרינציפּ פון „דזשוינט" איז געווען, אַז צו יעדער געשאַפענער סומע אויפן אָרט צו גרינדן אַזאַ קאַסע, האָט דער „דזשאָינט" צוגעלייגט נאָך אַמאָל אַזוי פיל. עס זענען צוגעגרייט געוואָרן גענויע פאַרשריפטן און תקנות ווי אַזוי פירן די קאַסעס. די הלוואות זענען געגעבן געוואָרן אָן פּראָצענט און אָפּגעצאָלט האָט מען זיי דורך וועכנט־לעכע, צי צוויי־וועכנטלעכע ראַטעס.

די הילף האָט נישט געטראָגן קיין פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער, צי מעשה צדקה, נאָר געווען אויסגעשטעלט אויף בלויז קאָנסטרוקטיווע צוועקן פאַר אַ בעל־מלאכה, סוחר, קליינהענדלער. אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע האָט אַכטונג געגעבן, אַז אַלץ זאָל זיך פירן אין אָרדענונג און אַז די קאַסע זאָל מיט דערפאָלג דערפילן איר אייגנטלעכע אויפגאַבן. אין דער פאַרוואַלטונג פון דער גמ"ח־קאַסע איז אויך געזעסן דער פאָרזיצער פון דער קהילה, די אָנגעזעענסטע טוער פון די פּאַרטייען. די קאַסע האָט זיך אַזוי שיין אַנטוויקלט, אַז אין אַ געוויסער תקופה, האָט איר אומזאָץ־קאַפּיטאַל באַטראָפן 10 טויזנט זלאָטעס. דאָס האָט דערמעגלעכט צו געבן הלוואות אויף גרעסערע סומען, ווי ס'איז געווען איינגעפירט. אין טייל פאַלן, האָט מען ערטיילט אַ הלוואה אויף 250 זלאָטעס. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די פּוילישע רעגירונג האָט דערקלערט אַ מאָראַטאָריום אויף די חובות פון די פּויערים, וואָס איז דורך זיי אויסגענוצט געוואָרן קודם כל נישט צו צאָלן די חובות צו יידן.

בערך 80 פּראָצענט יידישע משפּחות אין כאָראָסטקאָוו האָבן באַדאַרפט אָנקומען צו דער גמילות־חסד קאַסע. די נויט צוליבן אַנטיסעמיטישן באָיקאָט און אַלגעמיינער פאַר־אָרעמונג האָט גורם געווען דערצו, אַז אַפילו די אַמאָל פאַרמעגלעכע יידן האָבן זיך גע־נייטיקט אין דרינגענדיקער הילף. די וואָס האָבן אַמאָל געהאָלפן דער קאַסע מיט באַדיי־טנדיקע סומען, זענען איצט אַליין געוואָרן אויסגעשטעלט אויף איר שטיצע.

*

נישטאָ מער די יידישע כאַראָסטקאָוו. מיט אירע אינסטיטוציעס, פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער היטלעריסטישער רוצח האָט אַלץ אָפּגעווישט, פאַרניכטעט, חרוב געמאַכט. געבליבן איז בלויז דער אָנדענק נאָך די קרבנות און דער ווילן צו שילדערן דאָס לעבן און אומקום פון אַ רייכער, שעפערישער יידישער קהילה, וואָס איז מער נישטאָ....

# דאָס רעליגיעזע לעבן

(זכרונות און רעפלעקסן)

שלום קלינגער / פּאַריז

## פאָרוואָרט

בעת מיין לעצטן באַזוך אין ישראל האָב איך געהאַט צווישן אַנדערן די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט אַ טייל פון מיינע לאַנדסלייט, וואָס זענען אויך געווען מיינע יוגנט־חברים. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די טיפע עמאָציע פון באַגעגענען זיך נאָך אַן איבעררייס פון אַזוי פיל יאָרן, וואָס זענען געווען רייך אין טראַגישע געשעענישן, וועלכע האָבן אונדז אָוועקגעפירט אויף פאַרשידענע שליאַכן און וועגן פון אונדזער לעבן — מיט מענטשן כמעט פון זעלבן עלטער און מיט אַ בשותפותדיקער קינדהייט־געשיכטע. זיי האָבן אויף מיר געווירקט, אַז אויך איך, אַלס אָפּשטאַמיקער פון דעם זעלבן שטעטל כאַראָסטקאָוו, זאָל פאַרצייכענען מיינע דערינערונגען פון „אַמאָל", וואָס געהערט צו אַן עבר, וואָס האָט נישט מער קיין הווה און קיין עתיד.

די ליטעראַטור פון אונדזער לעצטן חורבן איז נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט און דער פּרינציפּ פון „כל המרבה לספר הרי זה משובח" — איז אַ בפירושע מצווה, בפרט, אַז די פּערספּעקטיוו פון די שרעקלעכע חורבן־יאָרן, ווערט וואָס אַ מאָל דערווייטערט פון אונדז און מען איז אימשטאַנד צו פאַרטראַכטן זיך און פאַרפיקסירן אין אַ געוויסער מאָס די זכרונות און געשטאַלטן, וואָס שווימען ווידער אויף פאַר אונדזערע אויגן און מאָנען מען זאָל אין זיי נישט פאַרגעסן.

איך וויל האָפן, אַז עס וועט מיר געלונגען אָנצוצייכענען אַ בילד פון אונדזערע צעשטערטע בתי־הכנסת און די אַלע כלי־קודש, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן געווידמעט דער גייסטיקער און מאָראַלישער געשטאַלטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין כאַראָסטקאָוו.

כאַראָסטקאָוו, מיין געבורט־שטעטל, ווו איך האָב איינגעזאַפּט אין זיך די ליבשאַפט צום יידישן פאָלק און די צוגעבונדנקייט צו זיין טראַדיציע; ווו איך האָב געשטעלט די ערשטע שריט אַלס חדר־ייִנגל און פאַרקניפּט אייביקע פריינדשאַפט מיט מיינע חברים; ווו מ׳האָט אין מיר אַנטוויקלט דרך־ארץ און כבוד־געפילן פאַר די גייסטיקע פערזענלעכ־קייטן און איבערגעלאָזט אומפאַרגעסלעכע שפּורן אין מיין נשמה.

אונדזער שטעטל האָט געציילט אַן ערך 2500 יידישע משפּחות: פון קליינהענדלערס, בעלי־מלאכהס, סוחרים און אַ קליינע צאָל פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטן און באַאַמטע. עס האָבן נישט געפעלט קיין אָרעמעלייט־אביונים, תורה־לערנערס, בטלנים און סתם לײדיקגייערס — קרבנות פון דער יידישער עקאָנאָמישער סטרוקטור אין פאַרמלחמהדיקן פוילן.

אַ יידיש לעבן האָט געבליט אין כאַראָסטקאָוו. עס זענען דאָרט טעטיק געווען כל־ערליי אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן באַאיינפלוסט און רעגולירט דאָס סאָ־ציאַלע, קולטורעלע, רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע לעבן.

אונדזער שטעטל, וואָס איז געאָגראַפיש געלעגן נישט ווייט פון דער רוסישער גרענעץ, האָט דורכגעמאַכט „קאַלטס און וואַרעמס", געליטן פון יעדן באַוואָפנטן קאָנפליקט, וואָס האָט קודם־כל געשעדיקט דער יידישער באַפעלקערונג. די ערשטע וועלט־מלחמה, די אוק־ראַינישע „בליץ־מלחמה", דער פוילישער מאַרש אויף קיעוו און דער צוריקטריט פון דאָרט; די צווייטע וועלט־מלחמה, מיטן סאָוויעטישן פאַרכאַפּן גאַליציע און נאָך דעם — די היטלעריסטישע אָקופּאַציע מיט די אַלע גהינום־גזירות, האָבן אונטערגעגראָבן שטופנווייז די קיום־יסודות פון אונדזער יידיש שטעטל, ביז עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש און שטויב. עס איז, ליידער, נישט געבליבן קיין שום ממשותדיקער זכר פון דער אַזוי רומפולער יידישער קהילה, מיט אַלע אירע מוסטערהאַפטע איינריכטונגען.

לויט די לעצטע גרוסן פון אַ טאַרנאָפּאָלער ייִנגערמאַן, וואָס איז דאָרט געווען (און מיר נאָך דעם דערציילט אין ישראל), איז אויף דער גאַס, ווו מיין משפּחה האָט געוווינט (לעבן דער גרויסער שול), אַלץ צעהאַקט געוואָרן. ס׳איז גאָרנישט צו דערקענען, אויב עמעצער האָט דאָרט אַמאָל געוווינט און געלעבט. פון דעם גרויסן פּרעכטיקן בית־הכנסת, האָבן די סאָוויעטן געמאַכט אַ תבואה־שפּייכלער. אַרום און אַרום איז פּוסט און וויסט, נישט געבליבן קיין שום סימן פון אַמאָליקן יידישן ברויזנדיקן לעבן אין דער דאָזיקער געגנט פון דער שטאָט, וואָס איז אין גאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן פון דער אויבערפלאַך דורכן שרעקלעכן שטורעם־ווינט, וואָס האָט געבושעוועט אין די יאָרן 1941—1945 און מיטן וואָרצל אויסגעריסן אויך דאָס יידישע שטעטל כאַראָסטקאָוו. כדי צוגיסן אַ ביסל אייל צו דער אָנדענק־מנורה, וואָס אונדזערע לאַנדסלייט שטעלן אַוועק אין ישראל צום זכר פון אונדזער אומגעקומענעם שטעטל, האָב איך גענומען אויף מיר די אויפגאַבע און

וועל זיך באַמיען בייצושטייערן מיט מיינע באַשיידענע פען־מיטלען צו דער דאָזיקער מצבת־זכרון פאַר דער פאַרשניטענער יידישער כאָראָסטקאָוו.

## שולן און קלויזן

דער בוי פון דער גרויסער שול, וואָס איז אַ פונדאַציע נאָך פון גראַף לעוויצקי מיט די שעמינסקיס, איז פאַרבינדן מיט אַ לעגענדע, וועלכע עס האָבן דערציילט די אַלטע לייט פון כאָראָסטקאָוו. ווי זיי האָבן איבערגעגעבן, האָט מען אָנגעהויבן אויפשטעלן אָט דעם בית־הכנסת אין צענטער פון שטאָט, לעבן, להבדיל, דעם גויאישן קלויסטער, אָבער די גלחים האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז אַ יידישע שול זאָל זיך געפונען נאָענט פון אַ קריסטלעכן געבעט־הויז — מען האָט געמוזט זי איבערטראָגן אויף אַן אַנדערן אָרט, ווו זי איז געשטאַנען, ביז די טמאדיקע הענט פון די נאַצישע צוררים האָבן זי משפיל געווען עד שאול־תחתיה. אָט די שול איז געווען העכער, אַפילו אויסערלעך, פון יעדן אַנדערן הויז אין כאָראָסטקאָוו, וואָס האָט ביז לעצטנס נישט געהאַט קיין געביידע, וואָס זאָל איבערשטייגן איין שטאָק, בעת דער בית־הכנסת האָט מיט זיין הויכקייט און פּרעכטיקער אַרכיטעקטאָניק דאָמינירט איבער אַלע הייזער. בכלל האָט דער בית־הכנסת זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אינערלעכן און אויסערלעכן אויסזען און געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון יעדער פאַרבייגייער, אָדער באַזוכער. כמעט יעדער ניי־געקומענער אין אונדזער שטעטל, איז דאָס ערשטע געגאַנגען באַוווּנדערן די פּרעכטיקע שול מיט אירע הערלעכע מאָלערייען, מיט וועלכע עס האָבן באַצירט דעם מקדש יידישע קינסטלערס, וואָס האָבן די דאָזיקע אַרבעט אויסגעפירט מיט יראת הכבוד און זי באַטראַכט פאַר אַ זכות.

אין דער געביידע פון דער גרויסער שול האָט זיך אויך געפונען אַ בית־מדרש, ווו עס האָבן געדאַווּנט פרומע בעלי־בתים מיט זייער אייגנאַרטיקן נוסח התפילה און... מתנגדישער אויפפירונג. די מער פשוטע „עמך"־יידן האָבן געהאַט זייער בית־תפילה, וואָס האָט זיך גערופן „שניידער־שולכל", ווו מען האָט מער געדאַווּנט ווי געלערנט, אָבער דריי מאָל אין טאָג, בציבור.

פרייטיק פאַרנאַכט האָט דער שטאָט־שמש, שלום, געהאַט אַ באַזונדערע דערהייבונג, זיך אַוועקצושטעלן אויפן הויכן פלאַץ פון דער שול און צו רופן מיטן ספּעציפישן ניגון „אין שול אַריין!" זיין קול איז געהערט געוואָרן „ממרומים" אין גאַנצן יידישע קוואַרטאַל, אַלס אָנזאָג, אַז דער הייליקער שבת דערנעענטערט זיך און אַז ס'איז צייט ליכט צו צינדן. באַלד האָבן זיך גענומען באַווייזן הינטער די ווייסע פאָרהענגלעך פון די יידישע ציכטיקע שטובן, די ווייסע פלעמלעך פון די שבת־ליכט, אָנגעצונדענע דורך אונדזערע גאָטפאָרכטיקע מאַמעס, מיט די באַדעקטע קעפּ און אויגן, פאַרשטעלטע מיט די איידל־ווייסע הענט, די כשרע לעפצן זייערע האָבן געשעפּטשעט די ברכה פון „להדליק נר

של שבת". אַזוי האָט מען זיך אויסגעטאָן אין גאַנצן פון דער וואָכעדיקייט און געגאַנגען מקבל זיין די שב"־מלכתא. מיט אַ געפיל פון רוחניותדיקייט און נשמה־יתרהדיקייט האָט מען איבערגעטרעטן די שוועל פון העל־באַלויכטענעם בית־הכנסת, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען די גבאים אין זייערע שבתדיקע מלבושים, וועמענס פנימער האָבן געשטראַלט מיט שמחה און עונג.




אַ שיעור אין בית־המדרש　　　　שיעור בבית־המדרש

עס שטייען נאָך איצט פאַר מיינע אויגן די גבאים פון דער שול: מלך נושיס ז"ל — דער הדרת־פנימדיקער ייד, ווי ער פלעגט מיט שטאָלץ גיין אין בית־הכנסת, גלייך ווי ער וואָלט געגאַנגען אין בית־המקדש אַריין צו דער עבודה; דער צווייטער גבאי — ליפע בערנשטיין (שטריקדרייער), אַן איש תם וישר, וואָס האָט געלעבט מיגיע כפו. ס'איז גע־קומען פרייטיק נאָך האַלבן טאָג, האָט ער באַצייטנס אָפּגעשטעלט זיין טאָג־טעגלעכע אַרבעט און זיך אויסגעפּוצט אין מלבושי־כבוד, אָנגעטאָן זיך „מעלאָן"־הוט אויפן קאָפּ, אַראָפּ וואַרפנדיק פון זיך דעם גאַנצן וואָכעדיקן עול פרנסה און איז מיט זיכערע טריט געגאַנגען אין זיין בעל־מלאכה־שולעכל, ווו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט זיינע שער־און־אייזן יידן.

די גרויסע, פּרעכטיקע געביידע פון דער שול איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַן אייזערנעם פּאַרקאַן און אויפן הויף פלעגן אונטערן פרייען הימל פּאַרקומען אַלע חופות. די קלעזמאָרים פלעגן מיט זייערע ספּעציפיש־יידישע ניגונים באַגלייטן די חתן־כלה ביז צו דער חופה, קינדער האָבן מיט זייערע זיסע שטימעלעך צוגעזונגען צום טאַקט און דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געפונען אונטערן איינדרוק פון דער געשעעניש — גרויס און קליין האָט זיך משמח געווען.

ווען עמעצער איז געשטאָרבן, פלעגט מען אים אויך צוברענגען צו דער שול, אָפּשטעלן דעם ארון הינטער דעם בית־הכנסת, כדי דאָרט מספּיד זיין דעם נפטר. פון דאַנען האָט מען אים געפירט צום בית־החיים.

ליידער, איז אויך פונעם אַלטן און נייעם בית־עלמין גאָרנישט פאַרבליבן, ווייל די דאָרטיקע איינוואוינער, די אוקראַינישע שונאי־ישראל ימ״ש, האָבן אַרויסגעריסן די מצבות און פון זיי געמאַכט טראָטואַרן, וואָס אויף זייערע הייליקע אותיות האָבן דערנאָך געטרעטן די טמאדיקע פיס פון די רוצחים־שותפים. די קברים אַליין זענען אויך געשענדעט געוואָרן און די מתים האָבן קיין רו נישט געהאַט.

מיר וועלן פּרווון אויסרעכענען פון זכרון קלויזן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אונדזער שטעטל און וואָס רופן אַרויס אַזעלכע טיף־רירנדיקע רעמיניסצענצן:

די גרויסע קלויז, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ פעסטונג קעגנאיבער דער גרויסער שול, האָט נישט בחינם געטראָגן דעם נאָמען „די גרויסע״, ווייל זי איז באמת געווען זייער גרויס און האָט אַריין געגומען הונדערטער מתפללים. דאָרט פלעגן פון צייט צו צייט קומען דרשנים אָדער סתם רעדנערס, וואָס זייער ציל איז געווען צו מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר פאַרשידענע יידישע כלל־ענינים, בעיקר בעת סיים־וואַלן, פאַר אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, אד״גל.

לעבן דער גרויסער קלויז איז געשטאַנען אַ מיטעלע געביידע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ געוויינלעכע וואוינונג. ביים אַריינגאַנג האָט זיך געפונען אַ געוועלבל מיט שפּייזפּראָדוקטן, וואָס האָט געהערט צו פרוי חנה וויסמאַן. מען האָט זי גערופן „חנה פון דער טשאָרטקאָווער קלויז״. כמעט אַלע מתפללים פון דאָזיקן מנין זענען געווען טשאָרטקאָווער חסידים, האָבן אָפּגעהיט נוסח התפילה און געווען בלב ונפש צוגעבונדן צו זייער רבי. עס שווימען אויף פאַר מיינע אויגן די געשטאַלטן פון די גבאים, וואָס יעדער פון זיי איז געווען אַ טיפּ פאַר זיך: חיים־הערש בראָנשטיין מיט זיין ברודער דוד: אהרן וואָסער מיט זיין זון „דודע״, וועלכער איז געווען אַ ״ווילדלערנער״ און באַקומען סמיכה אויף רבנות; בצלאל ווידערמאַן; גרשון עפּשטיין; אברהם זיידען מיט זיינע זין און אחרון אחרון — חיים שמעון מילראַד. קיינער פון די דערמאָנטע גבאים איז נישט געבליבן ביים לעבן און זענען אומגעקומען על קידוש השם.

די הושיאַטינער קלויז האָט זיך שוין געפונען אויף אַן אַנדערער גאַס, וואָס איז

געלעגן נידעריקער ווי די גרויסע שול מיט די אַרומיקע קלויזן, זי איז באַשטאַנען פון מער פאַנאַטישע חסידים, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אַ „קוצו של יוד" פון זייערע איבערצייי־גונגען. האָבנדיק סעפּאַראַטיסטישע טענדענצן, האָבן זיי אַראָפּ געבראַכט פאַר זיך אַ באַזונדערן מורה־הוראה מיטן נאָמען שעכטער, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט זייערע כשרות־ענינים און בכלל געווען זייער מנהיג רוחני. פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער דיין האָט נישט געלעבט אין קיין גרויס עשירות. זיין געהאַלט איז געווען זייער בצמצום. אָבער ער האָט זיך מסתפק געווען במיעוט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויסן תלמיד־חכם און ירא־שמים.

מיין משפחה האָט געוווינט נישט ווייט פון הוסיאַטינער קלויז, מיר האָבן דאָרט געדאַוונט, הגם מיין פאָטער, ר׳ הערש קלינגער ז״ל, איז געווען אַ קאָפּיטשינצער חסיד. די דאָזיקע קלויז איז געווען אַ בשותפותדיקע פאַר די הוסיאַטינער און קאָפּיטשינצער חסידים, כאָטש זיי זענען געווען פאַרשידנאַרטיק אין זייער התנהגות און כאַראַקטער. בעת די ערשטע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מידה פון קנאות און עקסטרעמיזם, זענען די אַנדערע געווען מער אייראָפּעיש, געהאַט פאַרשטענדעניש אויך פאַר קעגנערישע מיינונגען אין כלל־ענינים און אין חסידישע מינהגים.

ביי דער געלעגנהייט איז אפשר כדאי צו דערמאָנען אויך די בעלי־תפילה און מתפללים פון דער דערמאָנטער קלויז, וואָס אַלע צוזאַמען האָבן מיר געבילדעט אַן ענגן קרייז מענטשן מיט בשותפותדיקע אינטערעסן, און טיילמאָל אויך — זאָרגן. עס איז געווען מער ווי אַ שכנותדיק זיצן ביים דאַווענען, ווייל עס האָבן אונדז געבונדן פריינד־שאַפט־פעדים און לאַנגע יאָרן פון צוזאַמענאַרבעט אויף דער זעלביקער ערד און כמעט אין די זעלבע באַדינגונגען, ווי יידן צווישן גויים, וואָס באַמיען זיך אָפּצוהיטן זייער אייגנאַרטיקייט אַלס אַן עם לבדד ישכון. איך דערמאָן זיך אין אַזעלכע טייערע יידן, ווי מעכל — שמואל דוד, מיט דער שיינער ווייסער באָרד. ער פלעגט לייענען און דאַווענען פאַרן עמוד מיט אַ זעלטענער געניטקייט און קענטעניש. אַ באַזונדער פאַרגעניגן האָבן מיר געהאַט, ווען ער פלעגט לייענען פורים די מגילה און די קינדער האָבן געקלאַפּט מיט די גרעגערס, בעת ער האָט דערמאָנט המנען — און מען האָט זיי בשום אופן נישט גע־קענט לאַנג־לאַנג איינשטילן. טיילמאָל האָבן זיי געקלאַפּט מיט די גרעגערס, ביז אויך מרדכי האָט אַריינגעכאַפּט אַ גרעגעריי, אַז ס׳איז ממש מקוים געוואָרן עד דלא ידע בין ארור המן לברוך מרדכי; הענזיל וועקסלער און זיין זון פישל — אויסגעצייכנטע בעלי־תפילה; מיין גאָטזעליקער פאָטער צבי בר יוסף־חיים פלעגט אויך האָבן אַ „חזקה" צו דאַווענען פאַרן עמוד אין יום הקדוש.

אַז ס׳איז געקומען שמחת־תורה, זענען די קאָפּיטשינצער חסידים פאַרבעטן געוואָרן צו אונדז אין שטוב, ווו מען פלעגט אויך עולה לתורה זיין, און מיין פאָטער ז״ל איז מכובד געווען מיט „חתן בראשית". מיט זיין שיינער קלינגענדיקער שטימע האָט ער מיט אַ באַ־

זונדערער אינטאָנאַציע געזאָגט די ברכות און נאָכן דאַווענען איז ביי אונדז געפּראַוועט געוואָרן פאַרן גאַנצן עולם אַ סעודה כיד־המלך.

אינטערעסאַנט צו דערמאָנען אויך דאָס שניידערישע בית־המדרש (פאַר וואָס מען האָט עס אַזוי גערופן — ווייס איך נישט ביזן היינטיקן טאָג. ווייל דאָרט האָבן געדאַוונט אויך סתם בעלי־בתים און סוחרים), וואָס אַ טייל פון די מתפללים זענען מיר פאַרבליבן אין זכרון. אַט זענען זיי: פּיוויש פּינק, לייבוש וויינריב, מנשה פעלנער — רעליגיע־לערער אין דער אַלגעמיינער, עלעמענטאַרער (פאָווּשעכנער) שול, און דער שמש פונעם בית־המדרש און גלייכצייטיק „שליחא דבי דינא" ביי אונדזער שטאָט־רב, דער באַוווּס־טער גאון ר' משולם ראָטה זצ"ל. אָט דער ייד, וועלכן מען האָט גערופן „חיים שמש", איז געווען זייער באַליבט און זיך אויסגעצייכנט מיט זיין איבערגעגעבנקייט פאַר די קהילה־ענינים.

ווי אויבן געזאָגט, איז דאָס בית־המדרש געשטאַנען אויף אַ באַרג. פלעגן טאַקע אין ל"ג־בעומר זיך פאַרזאַמלען דאָרט די מוטערס מיט די קינדער, מיטברענגען מיט זיך בייגל מיט אייער — און עס האָט געהייסן, אַז מען גייט פון דאָרט אויפן באַרג סיני... פון וואַנען דער דאָזיקער מינהג האָט זיך גענומען, איז מיר נישט באַקאַנט, ער זאָגט אָבער עדות וועגן גרויסע מסורות, וואָס זענען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור — און זענען פאַר־שוווּנדן געוואָרן צוזאַמען מיטן אונטערגאַנג פון דער יידישער כאָראָסטקאָוו.

### יידיש־קריסטלעכע באַציונגען

אַזוי גוט ווי אין אַנדערע שטעטלעך, זענען די יידן ביי אונדז געווען טאָפּאָגראַפיש אָפּגעזונדערט פון די גויים, אָבער זען וואָס ביי זיי טוט זיך — האָט מען געקענט. די יידן האָבן געוווינט פון איין זייט פונעם טייכל טאַינאַ, וואָס איז געפלאָסן רואיק אין אונדזער שטעטל, בעת אויף דער צווייטער זייט האָבן געוווינט די קריסטן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ גרענעץ־פּאַס וואָלט אָפּגעטיילט איין טייל באַפעלקערונג פון דעם אַנדערן. די יידן פלעגן אַריבער קומען צו די גויים אַ גאַנצע וואָך, כדי ביי זיי איינצוהאַנדלען פאַרשידענע פּראָדוקטן. דערפאַר פלעגן די אוקראַאינער אויף דער אַנדערער זייט פון דער טאַינאַ זיך איינקויפן ביי די יידן הלבשה, וועש און אַנדערע סחורות. אַז ס'איז געקומען שבת, האָבן די יידן פאַרברענגט אין די שולן, בתי־מדרשים, ווי אויך אין די אייגענע היימען, אין גייסטיקע ענינים, אָדער ביי די שיין־געדעקטע טישן, פון וואַנען עס האָבן זיך געטראָגן די קלאַנגען פון זמירות מיט אַ הייליקער געהויבנקייט. ווי אַנדערש איז עס געווען ביי די שכנים פון יענער זייט טייך? אין אַ זונטיק אָדער אַן אַנדערן חגא־טאָג, זענען זיי געקומען אין אונדזער שטאָט־טייל, אַריין צו „חיימקען" אין שענק, האָבן זיך אָנגעשיכורט און נאָך דעם זיך גוט צעשלאָגן, לאָזנדיק אין גאַנג די „ידים — ידי

עשו״. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין פעסטע יידישע בחורים, וועלכע האָבן נישט איין מאָל אויסגענוצט זייער פיזישן כוח, נישט חלילה קיינעם אָנצופאַלן, נאָר כדי צו באַרואיקן די צעהיצטע געמיטער פון די שיכורע גויים, ווייל די פוילישע פּאָליציי האָט מיט זיי זיך נישט געקענט קיין עצה געבן, אָדער נישט געוואָלט אינטערווענירן צווישן די הייסע שלעגערס, איבערלאָזנדיק זיי אויף זייער אייגענעם גורל. דערוויייל האָט זיך געגאָסן דאָס בלוט פון די אויסגעפּוצטע געסט, וועלכע זענען געקומען זיך פאַרווײלן לכבוד זייער יומא דפגרא...

דאָס שטעטל האָט געהאַט צוויי שוחטים: ר׳ מאיר בלויטאַל און ר׳ מרדכי־וואָלף מאַקאָווער. ר׳ מאיר איז געווען שטאָט־חזן און געדאַוונט אין דער גרויסער שול. געהאַט אַ פּרעכטיקע שטימע און אַ הדרת־פּנים. הויך געוואַקסן, און אַ שיינע, שוואַרצע באָרד האָט באַצירט זיין תמיד שמייכלדיק געזיכט. ער איז אויך געווען דער שטאָט־מוהל, אַ גרויסער מומחה אין זיין פאַך און געבענטשט מיט אַ פלינקער האַנט, וואָס האָט אַריינגע־ברענגט בבריתו של אברהם אבינו די יידישע קינדער פון כאַראָסטקאָוו.

ר׳ מרדכי־וואָלף האָט געדאַוונט, דוכט זיך, אין דער טשאָרטקאָווער קלויז און ער פלעגט זיך שפּעט שטעלן דאַוונען און מאריך בתפילה זיין. אַמאָל איז געקומען צו אים דער גויישער שליח פון יידישן גוטבאַזיצער אשר ברוך קלאַר צו שעכטן עופות פאַר זיין ווירטשאַפט, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון שטעטל. דער שליח האָט געדאַרפט וואַרטן ביז ר׳ מרדכי־וואָלף וועט פאַרטיק ווערן מיטן דאַוונען, אָבער דער שוחט האָט נישט געקענט רעדן דאָס גויישע לשון און אַרויסגעשטאַמלט צוויי ווערטער „פּעי הערבאַטע״. ער האָט דערמיט געוואָלט זאָגן, אַז ער דאַרף נאָר אויסטרינקען זיין טעפּל טיי און דערנאָך וועט ער שעכטן די עופות. אָבער דער פורמאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אים מכבד מיט טיי און האָט טאַקע גענומען טרינקען די „הערבאַטע״. דער שוחט, דערזעענדיק, אַז דער גוי נעמט אים צו זיין אָרעם טעפּל טיי, האָט גענומען רופן זיין פּרוי שרייענדיק: „צפורה, צפורה, דער גוי טרינקט״. פון דעמאָלט אָן איז אין שטעטל אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל „צפורה, צפורה, פּעי הערבאַטע״, וואָס האָט באַדאַרפט באַדייטן אַ קאָמיש מיס־פאַרשטענדעניש...

## אַ סגולה צו פּרנסה

כדאי אויך צו דערמאָנען ביי דער געלעגנהייט אַ פאַל, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ בעל־הבית פון אונדזער שטעטל, וואָס האָט געגלויבט, אַז ווען ער קומט אין קלויז דאַווענען מאָנטיק און דאָנערשטיק און באַקומט אַן „עלייה״, איז דאָס אַ סגולה צו פּרנסה. ער דאַרף דעריבער זיך באַמיען מיט אַלע מיטלען עולה לתורה צו זיין, ווען ער איז אין קלויז. אַמאָל איז ער געווען ביים דאַוונען אין דער טשאָרטקאָווער קלויז און דער שטאָט־

רב ראַפּאַפּאָרט איז אויך דאָרט געווען. ווען די ספר תורה איז שוין געלעגן אויפן „שולחן", האָט דער גבאי געפרעגט, צי עס איז דאָ אַ כהן. דער דאָזיקער פּאַרשוין האָט זיך גלייך געמעלדעט אַלס קאַנדידאַט צו דער עלייה. דער רב ראַפּאַפּאָרט איז אָבער אַליין געווען אַ כהן און ער האָט געצווייפלט צי דער בעל־הבית איז טאַקע אויך אַ כהן. נאָכן עולה לתורה זיין רופט צו דער רב דעם ייד און פרעגט אים:

— הערש־מענדל, פון ווען אָן זענט איר געוואָרן אַ כהן?

— רבי, — זאָגט ער — זייט מיר מוחל, דאָס איז פאַר מיר אַ סגולה צו פּרנסה...

פאַרשטייט זיך, אַז דער רב האָט דערויף ווי געהעריק רעאַגירט און אַרויסגעגעבן אַ פּסק־דין, אַז אַ יאָר צייט טאָר הערש־מענדל נישט באַקומען קיין עלייה. און וואָס שייך אַ סגולה אויף פּרנסה, האָט אַ ייד דערצו אויך אַנדערע וועגן...

## מלמדים אין שטעטל

אַז אַ קינד האָט נאָר אָנגעהויבן צו קענען אַרויסרעדן אַ וואָרט, האָט מען עס שוין געפירט צו אַ דרדקי־מלמד. ווען עס איז גרעסער געוואָרן, האָט מען עס שוין איבערגע־געבן צו גמרא־מלמדים. איך און מיין עלטערער ברודער זאב, זענען פון די קינדער־יאָרן אָן געגאַנגען צו דעם זעלבן מלמד און צוזאַמען געלערנט. דאָס גאַנצע שטעטל האָט דערי־בער געמיינט, אַז מיר זענען אַ צווילינג, אָבער אין דער אמתן איז עס אַזוי נישט געווען, ווייל אַן אונטערשיד אין די יאָרן צווישן אונדז ביידע איז יאָ געווען.

עטלעכע מלמדים, וואָס וועגן זיי האָט דער מלאך פון שכחה נישט געהאַט קיין שליטה, וועל איך דערמאָנען:

בנימין מלמד מיט זיין טאָכטער חנה, וועלכע האָט געפירט זיין ווירטשאַפט און נישט איינמאָל זיך געמישט אויך אין „מלומדות". ביים דאָזיקן מלמד פלעגן די הינער אַרומשפּאַצירן אויפן טיש, ווייל זיי האָבן זיך געפילט גאַנץ היימיש צווישן די דערוואַק־סענע און קינדער. עס איז געווען אַן „אַטראַקציע" ביי די תלמידים, ווען אַ הון האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם שטריקל, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו אַ בענקל און איז אַרויס געלאָפן אויף דער גאַס. די קינדער האָבן זיך גענומען מיט געשרייען נאָכיאָגן דעם „דע־זערטיר", ביז זיי האָבן אים געכאַפּט און טריומפירנדיק צוריק געבראַכט דעם „מחוצף" אין חדר אַריין. דערווייל האָט מען אַ ביסל געגאַסן פון בטול תורה...

ווען מ׳איז עלטער געוואָרן און געהאַט אַ „פּעולה" אין לערנען, איז מען שוין געגאַנ־גען צו די גמרא־מלמדים, ווי צום סעכעסאָוועער „רבי" בעריש, לייבעלע „רוס", דוגע פרידמאַן, אלתר ווערבער א.אַ. דער שווערסטער טאָג פאַר די תלמידים איז געווען דאָנערשטיק, ווען מען האָט זיי פאַרהערט פון די למודים, וואָס מען האָט געלערנט אַ גאַנצע וואָך. דאָס איז גאָרנישט געווען קיין לייכטער נסיון, ווייל די פאַרהערערס זענען

געווען יידן — יודעי־ספר און האָבן געשטעלט קאָמפּליצירטע שאלות, וואָס מען האָט נישט געקענט אָפּפטרן מיט אויבערפלעכלעכע, אָדער גאָרנישט זאָגנדיקע תשובות.

אסתר־תענית, אָדער ערב תשעה־באב, פלעגט דער מלמד מיט אונדז לערנען אגדתות מענינא דיומא און פאַר די יום־טובים — אַנטשפּרעכנדיקע סוגיות אין דער גמרא און דינים אין שולחן־ערוך.

## רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס

ווי אין אַנדערע יידישע ישובים אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, האָבן אויך ביי אונדז עקזיסטירט פאַרשידענע פאַרטייען און פאַריינען פון געזעלשאַפטלעכן און אַפילו פון סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. אָבער ריידנדיק וועגן רעליגיעזן לעבן אין אונדזער שטעטל, וואָס איז די אייגנטלעכע טעמע פון מיין אַרטיקל, דאַרף איך דערמאָנען קודם כל די רעליגיעז־ציוניסטישע באַוועגונג „מזרחי״ מיט אירע אָפּצווייגונגען „השומר הדתי״ און „בני עקיבא״. אונדזער גרויסער רב דער מרא דאתרא ר׳ משולם ראָטה ז״ל (וואָס וועגן אים שרייבן מיר אין וויטערדיקן קאַפּיטל), איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַ חבר פון „מזרחי״־מרכז. חיים וואהל ז״ל איז געווען דער רוח התחיה פון השומר הדתי און בני עקיבא (שפּעטער דירעקטאָר פון דער „יבנה״־ שול אין בראָד און נאָך דעם אין פשע־מישל, ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה). שלמה הירש און נפתלי גליק האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער איבערגעגעבענער און געבענטשטער טעטיקייט פאַר דער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער מזרחי־באַוועגונג.

אין די שפּעטערע יאָרן איז ביי אונדז אַנטשטאַנען אַן „אגודת ישראל״, וואָס איר גרינדער און מזכיר איז געווען שמעון שעכטער, דער זון פון מורא־הוראה

מיט דער חברה „משניות״ האָט אָנגעפירט ר׳ חוטי פיינשטיין; ר׳ לייזער נאַגלער האָט אויך געהערט צו די מפיצי תורה אין דער הוסיאַטינער קלויז אין כאָראָסטקאָוו.

## אונדזערע מורי־דרך

אונדזער מרא דאתרא און מורה־דרך איז געווען דער גרויסער גאון הדור, הרב ר׳ משולם ראָטה, וועלכער איז געזעסן דרייסיק יאָר אויפן כסא הרבנות אין כאָראָסטקאָוו. נאָך דעם איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס מנהיג העדה אין שאָץ (רומעניע) און פון דאָרט איז ער געוויילט געוואָרן אויפן דאָזיקן אַמט — קיין טשערנאָוויץ (בוקאָווינע). דעם אַמט פון מרא דאתרא אין לעמבערג האָט ער שוין נישט באַוויזן איבערצונעמען, צוליבן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער בדרך נס איז ער ניצול געוואָרן פון די נאַצישע רוצחים און האָט זיך געראַטעוועט אין ישראל, ווו ער איז נפטר געוואָרן זקן ושבע ימים.

אין די יאָרן, וואָס ער האָט געוווינט אין ארץ־ישראל, האָט ער זיך געווידמעט אירע אינערלעכע און אויסערלעכע פּראָבלעמען. מיט וואַכזאַמקייט האָט ער נאָכגעפאָלט אירע ראַנגלענישן און געשטראַלט פון פרייד אין טאָג, ווען ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אויפקום פון דער מדינה. ווען ס'איז געקומען דער „יום העצמאות", האָט ער געפּסקנט הלכה למעשה, אַז 5 טאָג אין אייר, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַלס פייערלעכער טאָג פאַרן יידישן פאָלק, דאַרף מען פאַרוואַנדלען אין אַ יום־טוב און זאָגן הלל. לויט זיין מיינונג, האָבן גוט געטאָן די מנהיגים, וואָס האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער עיקר נס איז וואָס מיר זענען אַרויס מעבדות לחירות דורכן פּראָקלאַמירן די זעלבשטענדיקייט פון מדינת ישראל; און דער דאָזיקער נס האָט צוגעצויגן דעם צווייטן נס פון ראַטעווען סיי מדינת ישראל פון דער אַראַבישער געפאַר דורך דער באַפרייאונגס־מלחמה, און סיי די יידן פון גלות און זייערע ווינערטער. און דורך דעם איז געקומען דער דריטער נס פון קיבוץ גלויות. עס איז דעריבער אַ מצווה צו מאַכן אַ זכר לנס און באַשטימען דעם „יום העצמאות" פאַר אַ יום־טוב און שמחה און צו זאָגן גאַנץ הלל.

אַ קורצע צייט פאַר זיין פּטירה, האָט ער געשיקט אַ בריוו צו דער וועלט־קאָנפערענץ פון דער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער באַוועגונג, אין וועלכן ער שרייבט צוו. אַנד.:

„איך געדענק די קאָנפערענצן און די צוזאַמענטרעפן פון אונדזער תנועה, אין וועלכע איך האָב זיך באַטייליקט פון אירע ערשטע יאָרן ביז היינט — און געבענטשט זאָל זיין זיין הייליקער נאָמען, וואָס מיר האָבן דערלעבט און דערגרייכט ביז צו דער איצטיקער קאָנ־פערענץ, ווען מיר זעען מיט אונדזערע אייגענע אויגן דאָס ווידעראַנטשטיין פון מלכות ישראל און די איינזאַמלונג פון די פאַרוואָגלטע ברידער. מיר דאַרפן זיך איצט דערהייבן מיטן גייסט און מיט מעשים, צו קאָנסאָלידירן אַלע כוחות אין איין בלאָק — דאָס ווערט געפאָדערט פון אונדז..."

אַזאַ גייסטיקער ריז איז געווען דער פאַר־לעצטער רב אין כאַראָסטקאָוו. נאָך אים איז געוואָרן מרא דאתרא הרב ראַפּאַפּאָרט, דעם פּאָדוואָלאָטשיסקער רבס אַן איידעם, וועלכער איז געווען דער לעצטער מנהיג רוחני אין כאַראָסטקאָוו און אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם בקדושה ובטהרה, אַוועק גייענדיק צוזאַמען מיט דער עדה הקדושה פון אי'נדזער שטעטל אין אַ העכערער וועלט, אַדורכמאַכנדיק די שווערסטע פיזישע ליידן, אָבער טראָגנדיק הויך די פאָן פון מאָראַל און יידישן גלויבן אין נצח ישראל...

# כאָראָסטקאָוו — ווי איך געדענק זי

יצחק ווידערמאַן / גבעתיים

כאָראָסטקאָוו איז געווען אַ קליין שטעטל, מיטן מעמד פון אַ געמיינדע. ערשט אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, האָט עס באַקומען די באַצייכענונג „מיאַסטעטשקאָ" (שטעטל). אַלע מלוכהשע אַמטן און אינסטיטוציעס האָבן זיך געפונען אינעם דערבייאיקן ישוב קאָפּיטשינצע (קיפּיטשינצע): דאָס געריכט, שטייער־אַמט, העכערע מוניציפּאַלע מאַכט און אַנדערע. אַ מרחק פון 14 קילאָמעטער האָט אָפּגעטיילט ביידע שטעטלעך, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס באַשווערט די אַנטוויקלונג פון כאָראָסטקאָוו.



דער יאַריד | היריד

דער וויכטיקסטער, אויב ניט איינציקער מקור פאַרן עקאָנאָמישן קיום פון שטעטל, איז געווען דער גרויסער וועכנטלעכער יאַריד, וועלכער איז פאָרגעקומען יעדער מאָנטיק. באַזונדערס אין האַרבסט, ווען די פּויערים האָבן פאַרענדיקט דעם שניט אויף די פעלדער, האָט דער יאַריד צוגעצויגן אַ גרויסן עולם פון נאָענטע און ווייטע דערפער. די פּויערים זענען געקומען קיין כאָראָסטקאָוו פאַרקויפן די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן

און זיך איינקויפן די נייטיקע אַרטיקלען און סחורות. ביי דער געלעגנהייט איז אויך פאַר־געקומען דער מסחר אין גרויסן פאַרנעם מיט בהמות, פערד, חזירים, וואָס אַ טייל פון זיי איז אַפילו אַוועק אויף עקספּאָרט. פון דעם אַלעמען, פאַרשטייט זיך, האָבן אחינו בני ישראל אין כאַראָסטקאָוו געצויגן זייער חיונה.

דאָס שטעטל איז געווען באַקאַנט מיט אירע יידישע בעלי־מלאכות, ווי: סטאָליערעס (הגם פון פויערישן סטאַנדאַרט), שמידן, קירזשנער, היטלמאַכער. עס האָבן ניט אויסגע־פעלט קיין גרעסערע סוחרים, קליינהענדלער, יאַריד־פּאַרערס, דאָרפסגייער. אין די גע־וועלבער, וועמענס אייגנטימער זענען געווען יידן, האָט מען געקענט קויפן מאַנופאַקטור און לעדער, שיך און גאַלאַנטעריע, מלבושים און אייזנוואַרג. אַמיינסטן זענען געווען שפּייז־קראָמען. נאָר אַרום און אַרום האָבן די אַלע סוחרים געפירט אַ שווערן געראַנגל פאַר זייער פרנסה און געלעבט אין שטענדיקן פחד פאַרן שטייער־אַמט, וועלכער האָט אָפט געשיקט זיינע קאָנטראָלערן און סעקוועסטראַטאָרן.

אַ מיטלשול, צי פאַכשול האָט כאַראָסטקאָוו ניט געהאַט. בלויז יחידים האָבן זיך געלאָזט אין גרעסערע שטעט לערנען און אַ טייל האָבן אַפילו דערגרייכט דעם אוניווער־סיטעט.

נאָר אויב אין עקאָנאָמישן זין איז אונדזער ישוב געווען צוריק געשטאַנען און ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיך, האָט דאָס יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן דאָ געבריזט און געוואַקסן, איבערשטייגנדיק אַפילו, אויף דעם געביט, פיל גרע־סערע ערטער. מיר האָבן פאַרמאָגט אַ רייכע ליי־ביבליאָטעק, וועלכע האָט פון יאָר צו יאָר פאַרגרעסערט איר ביכער־אוצר מיט די בעסטע ווערק פון די קלאַסיקער. צו די דאָזיקע ווערטפולע יידישע ביכער, זענען שפּעטער צוגעקומען די אָריגינעלע שאַפונגען פון דער העברעישער, פּוילישער און דייטשער ליטעראַטור. די אַלע פיר שפּראַכן האָבן זיך געהאַט זייערע לייענער פון אונדזער יוגנט, וואָס אַ דאַנק דער ביבליאָטעק האָט זי פאַר־ברייטערט איר וויסן און בילדונג.

ביי דער ביבליאָטעק האָט אין משך פון אַ סך יאָרן עקזיסטירט אַ „ליטעראַריש־דראַמאַטישע סעקציע", וועלכע האָט אַדורכגעפירט פאַרשידענע אונטערנעמונגען, ווי: פאָרלעזונגען, ליטעראַרישע משפטים איבער ביכער און שרייבער, פאַרווײַלונגס־ אָוונטן און דער עיקר — געשטעלט מיט אייגענע כוחות די פּיעסן פון גאָלדפאַדען, שלום עליכם, שלום אַש. אין אַ סך פאַלן זענען די פאַרשטעלונגען געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע קולטור־אימפּרעזן האָבן ניט אויסגעפירט בלויז די אָר־טיקע כוחות. אין שטעטל פלעגן פון צייט־צו־צייט אָראָפּקומען פּרעלעגענטן, וועלכע האָבן זיך קונה שם געווען מיט זייערע אינהאַלטרייכע רעפעראַטן אויף ציוניסטישע, פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס, ווי מאיר יערי, איצטיקער כנסת־דעפּוטאַט און מנהיג פון מפ"ם; אבא חושי, בירגערמייסטער פון חיפה; דער שרייבער און דראַמאַטורג ש. אַנסקי,

וועלכער האָט געשילדערט אונדזער שטעטל אין זיין בוך „חורבן גאַליציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה״. דאָ האָט ער געזאַמלט אייניקע לעגענדעס, מעשיות און פאָל־קלאָר, וועלכע ר׳האָט איינגעפלאָכטן אין זיין באַרימטער דראַמע „דער דיבוק״.




אין שטעטל האָבן געווירקט כמעט אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען. די שוין דערמאָנטע ליי־ביבליאָטעק, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „צירקעל״, איז באַטראַכט געוואָרן ווי דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, הגם די הויפּט־השפּעה אין דער אינ־סטיטוציע האָבן געהאַט די אַלגעמיינע ציוניסטן. אין אָפּאָזיציע צו זיי איז געווען די „התאחדות״, וועלכע האָט זיך באַטראַכט פאַרן באַסטיאָן פון אָרטיקן אַרבעטס־מענטש און האָרעפּאַשניק. אָבער אין דער טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל, ווי קרן קימת, קרן היסוד, אין דער אינסטיטוציע „עזרא״ און אויפן געביט פון עליה, האָט מען געמיינזאַם געאַר־בעט. דאַקעגן האָט דער קעגנזייטיקער קאַמף זיך אָנגעהויבן ביים אַדורכפירן פאַרלעזונגען צי פאָרשטעלונגען. ניט איין מאָל איז אַפילו דערגאַנגען צו אַ באָיקאָט. מיט פּראָטעקציע און געלט האָט יעדער צד זיך באַמיט צו באַקומען דעם זאַל פון „סאָקול״, ווו מ׳האָט נאָך געקאָנט אַדורכפירן אַ לייטישע פאָרשטעלונג, ווייל קיין אייגענעם פּאַסיקן לאָקאַל האָט

קיינער ניט געהאַט. ערשט שפּעטער איז געלונגען אָפּצוקויפן ביים גראַף אַ טייל פונעם ראַטהויז, ווו די קהילה האָט איינגעשטעלט אירע אַמטן. אויך דער „צירקעל״ האָט דאָרט באַקומען זיין אכסניה און ס׳איז צוגעגרייט געוואָרן אַן אייגענער אַנטשפּרעכנדיקער זאַל פאַר רעפּעראַטן און פאָרשטעלונגען.

די יוגנט האָט געהאַט אירע אָרגאַניזאַציעס: גורדוניה, השומר הצעיר, הנוער הציוני, בית״ר און אַן אומלעגאַלע קאָמוניסטישע באַוועגונג. דאַקעגן דער עלטער׳ער דור, אויסער די פּאַרטייען, האָט זיך אויסגעלעבט אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, ווי: יד חרוצים, סוחרים־פאַריין, מיט אַן אייגן חברים־געריכט, גמילות־חסד־קאַסע, פרויען־פאַריין. דער לעצטער האָט געפירט אַ פילאַנטראָפּישע טעטיקייט און פון די הכנסות פון פאַרשידענע פאַראַנשטאַלטונגען געהאָלפן נויטבאַדערפטיקע משפחות. און ווען צו העלפן האָט קיינמאָל ניט אויסגעפעלט...

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל האָט זיך פאַרערגערט, ווען די פּאָליאַקן און אוקראַינער האָבן געוואָרפן די אַנטיסעמיטישע לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ״, קויפנדיק אין אייגענע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זענען ספּעציעל געגרינדעט געוואָרן, כדי אַרויסשטויסן וואָס מערער יידן פון האַנדל און מלאכה. די עמיגראַציע־מעגלעכקייטן, פּונקט ווי די אויסזיכט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, זענען געווען מינימאַלע. האָבן יידן אין שטעטל ניט נאָר זיך באַדאַרפט ראַנגלען פאַר זייער מאַטעריעלן קיום, נאָר אויך לעבן אין כסדרדיקער שפּאַנונג און שרעק צוליב דער פיינטלעכער, אַנטי־יידישער פּאָליטיק סיי פון די מאַכט־אָרגאַנען, סיי פון דער פּוילישער און אוקראַינישער באַפעלקערונג.

אין אַזאַ אומזיכערער לאַגע האָט מען געלעבט ביז סעפּטעמבער 1939, ווען דאָס שטעטל איז פאַרנומען געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי. דאָס פּראָבלעם פון אַרבעט און באַשעפטיקונג האָט אויפגעהערט עקזיסטירן פאַר די יידן. און ניט נאָר עקאָנאָמיש האָט זיך אַלץ געענדערט צום גוטן, ווייל די אָנפירונג איבערן שטעטל איז איינגעשטאַנען כמעט בלויז אין יידישע הענט. אַפילו דער איינציקער פּאָליציאַנט ביי דער סאָוויעטישער הערשאַפט, איז געווען אַ ייד. דערפאַר זענען אָבער פאַרשוווּנדן אַלע אָרגאַניזאַציעס, דער „צירקל״ איז פאַרמאַכט געוואָרן, די ביכער האָט מען צעשלעפּט, אָדער אַרויסגעפירט, און ווידער אומזיכערקייט, שפּאַנונג, נערוועזיטעט — ביז דעם 22סטן יוני 1941, ווען די דייטשע האָרדעס זענען באַפאַלן רוסלאַנד און כאָראָסטקאָוו איז געווען פון די ערשטע פונקטן, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין די רוצחישע הענט. די יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן און ס׳איז אויך אָפּגעווישט געוואָרן דאָס שפּרודלדיקע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן פון אַן אייגנאַרטיקן, קליינטשיקן, נאָר דינאַמישן יידישן ישוב.

# די ציוניסטישע טעטיקייט

הערש־מענדל קליין / ניו־יאָרק

ווען איך בין אין יאָר 1916 אָנגעקומען קיין כאָראָסטקאָוו אַלס 16־יאָריק ייִנגל, געדענק איך נישט אין יענער תקופה קיין שום ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אָדער טעטיקייט. אפשר האָט זיך דאָ יאָ עפּעס געטאָן אויף דעם געביט, ווי צ. ב. די שול, וווּ מ׳האָט די תלמידים געלערנט אַ ביסל עברית, אונטער דער אָנפירונג פון חיים־לייב ווינטער, אָדער אַ פאַרזאַמלונג ביי חיים פריש, וווּ מ׳האָט גערעדט וועגן ציוניזם. אָבער וואָס שייך ממשות־דיקע ציוניסטישע אַרבעט — געדענק איך נישט. מעגלעך דערפאַר, ווייל כ׳בין נאָך געווען יונג און פרעמד אין שטעטל.



ועד „התאחדות״ (1923)

נאָר גלייך נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה, ווען די יידישע וועלט איז געוואָרן אויפגעשטורעמט מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט אויך כאָראָסטקאָוו זיך אויפגעוועקט און אָנטייל גענומען אין דער אתחלתא דגאולה.

דעם ערשטע ציוניסטישן פאַריין געדענק איך אין צימער ביי ישעיהו־לייב וועבער, וווּ פישל ווערבער האָט אָנגעהויבן פירן זיין אַקטיווע טעטיקייט. דער דאָזיקער פאַריין

האָט זיך גערופן „השומר הצעיר״. שפּעטער האָבן מיר זיך איבערגעצויגן אין אַ צימער צו דער סענדערקע נעבן דער גרויסער קלויז. דאָ האָט פישל ווערבער געקנעלט מיט אונדז די יסודות פון „התאחדות״, לויט א. ד. גורדון און חיים ארלוזורוב. ער האָט אויך געפּאָ־דערט פון די חברים דיסציפּלין (מיט דעם האָב איך נישט מסכים געווען...). פון דער סענ־דערקע זענען מיר אַריבער אין אַ גרעסערן לאָקאַל פון צוויי צימערן פון אשר־ברוך קלאַר. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע אַרבעט. כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט אין שטעטל איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין אונדזער פאַריין.

כדי צו קאָנען אָנגיין לעגאַל מיט אונדזער טעטיקייט, בין איך אַוועק צום סטאַראָסטע אין קאָפּיטשיניעץ און מיט דער הילף פון פּנחס לוביאַניקער (לבון) און... עטלעכע זלאָטעס, אַרויס באַקומען אַ דערלויבעניש־לעגאַליזאַציע פאַר אַ ליטעראַריש־קולטורעלער געזעלשאַפט „התאחדות״. אַלס סעקרעטאַר האָב איך געפירט צוויי פּראָטאָקאָלן־ביכער: איינס אין יידיש, ווו ס'איז פאַרשריבן געוואָרן די אמתדיקע טעטיקייט און פאַרלויף פון די זיצונגען, און דאָס צווייטע אין פּויליש, ווו מ'האָט פאַרצייכנט נאָר די ליטעראַריש־קולטורעלע טעטיקייט — פאַר דער מאַכט...

די חברים האָבן געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט. אויסער דער נאָרמאַלער אָרגאַני־זאַציאָנעלער טעטיקייט, האָט מען אַדורכגעפירט יעדער חודש איינמאָליקע זאַמלונגען פאַרן קרן קיימת און פאַר קעגנזייטיקער הילף (עזרה). אַרטיקע רעדנערס האָבן רעפע־רירט אויף פאַרשידענע טעמעס. מען האָט ליידנשאַפטלעך באַהאַנדלט די ווערק פון ביאַליק, אחד־העם, טשערניכאָווסקי, ברייניז, מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם. פלייסיק געלערנט פּאַלעסטינאָגראַפיע, שטודירט די רייד פון די נביאים. פאַרשטייט זיך, אַז דער רוב אַקטיוויטעטן זענען אַדורכגעפירט געוואָרן אַ דאַנק די אָנווייזונגען פון דער צענט־ראַלע אין לעמבערג.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען דאָס גרייטן זיך פון די חברים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אין יאָר 1921 איז טאַקע געפאָרן פון כאָראָסטקאָוו די ערשטע גרופּע חלוצים. צווישן זיי: מיין ברודער אברהמקע און מיין פרויס ברודער מאָטל וועקסלער, וועלכער האָט זיין לעגאַלן פּאַספּאָרט געגעבן אַ חבר, וואָס האָט נישט געטאָרט פאַרלאָזן פּוילן און ער אַליין האָט געשמוגלט די גרענעץ... מ'האָט אים געכאַפּט און נאָכן אָפּזיצן די שטראָף — איז ער ווידער אַוועק אומלעגאַל קיין א״י. אַ סך טייערע בחורים, לויטערע אידעאַליסטן און חלוצים, האָבן דעמאָלט פאַרלאָזט דאָס שטעטל און פיל בייגעשטייערט צום בנין הארץ, ווי פישל ווערבער, שמואל עפּשטיין, אהרן ווידערמאַן ז״ל, בערל הירש א״אַ.

איך גופא האָב זיך געלערנט סטאָלעריי, באַקומען מאַזאָליעס אויף די הענט און געווען גרייט צו עלייה. נאָר פישל ווערבער, וועלכער האָט געהאַט די אויפזיכט איבער די עלייה־ענינים אין לעמבערג, האָט מיך דערוויל נישט געלאָזט אַוועק פון שטעטל.

כדי הייבן דעם קולטורעלן ניוואָ און באַוווסטזיין פון די חברים און זיי דערמעגלעכן

צו פאַרפּולקאָמען זיך אין דער יידישער ווי אין אַלגעמיינער בילדונג, איז באַשלאָסן גע־וואָרן צו גרינדן אַ ביבליאָטעק. נאָר כדי צו שאַפן די נייטיקע פאָנדן פאַר אַזאַ צוועק, האָט מען געמוזט זיך נעמען... שפּילן טעאַטער. חברים און חברטעס פון דראַמאַטישן קרייז האָבן שווער געאַרבעט אויף די רעפּעטיציעס און ביים צוגרייטן דעם רעקוויזיט און דעקאָראַציעס צו די פאָרשטעלונגען, צו וועלכע עס פלעגט קומען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל. נאָך אַזאַ פאָרשטעלונג האָט די יוגנט זיך נאָך פאַרווײַלט מיט טענץ, אונטער די קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער. געשטעלט האָט מען אַזעלכע פּיעסן, ווי „אלישע בן חבויה", „מירעלע אפרת" און אַנדערע פּאָפּולערע דראַמעס. דער ריווח פון די פאָרשטעלונגען האָט דערמעגלעכט צו באַשטעלן אין וואַרשע אַ טראַנספּאָרט ביכער אין יידיש, העברעיש און פּויליש. אַ גרויסע שמחה האָט געהערשט ביי אַלעמען, ווען מ'האָט באַנייט די ערשטע ביכער־שאַנק. מוני מעסיטע ז"ל האָט געשאָנקען די ברעטער און ישראל פּרעסער — די פאַרב. פון דער ביבליאָטעק האָבן געניצט ניט נאָר אייגענע חברים.

די זיצונגען פון ועד און דער פאַרלויף פון די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, אויף וועל־כע עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן די וועגן און מיטלען ווי אַזוי אָנצוגיין מיט דער אַרבעט, זענען געפירט געוואָרן אין אַ געמיטלעכער און חברישער אַטמאָספער.

פּיוויש מאָרגענשטערן האָט איינגעאָרדנט אין לאָקאַל אַ גרויס שאַך־ברעט און צו־געקויפט פיגורן חברים האָבן זיך אויסגעלערנט דעם שיינעם און קלוגן שפּיל, שעהן פאַרברענגט ביים שאַך־שפּיל. איך בין געוואָרן אַ שאַכיסט, ווי אויך מיין ברודער יודל, וועלכער איז אומגעקומען על קידוש השם.




דער קאָמיטעט פון „התאחדות" — ועד „התאחדות"

בעת די וואַלן צום פוילישן סיים (פּאַרלאַמענט), האָט די באַוועגונג געפירט אַן אַנ־געזעענע פּאָליטישע אויפקלערונג. כאַראָסטקאָוו האָט געגעבן איר באַדייטנדיקן צושטייער, אַז פון „התאחדות" זאָלן געווילט ווערן צוויי דעפוטאַטן: העלער און שוואַרץ.

אויך בנוגע שטאָטישער קהל־פּאָליטיק, האָט „התאחדות" געהאָלפן דערוויילן אשר־ברוך קלאַר אַלס ראש־הקהל, ווייל אַלס דאַוועגער אין דער הוסיאַטינער קלויז, איז ער נוטה געווען צו דעם צד פון מורה־הוראה, וועלכער איז גערודפט געוואָרן.

צום סוף וויל איך דערמאָנען די נעמען פון עטלעכע חברים, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין מיינע צייטן: פישל ווערבער, יוסף לאַנג, בוזי שטיין, מוני מעסיטע, יאַנקל הירש, אהרון ווידערמאַן — און יבד"ל: חיים ישראל ווייסבראַדט, בערל הירש, בעריש גוטמאַן, בעני פיינגאָלד און אַנדערע, וואָס זייערע נעמען געדענק איך נישט איצט.


המפלגה
הציונית־הסוציאליסטית המאוחדת
(התאחדות־פועלי ציון)
בגליציה המזרחית

פאראייניקטע ציוניסטיש־סאציאליסטישע פארטיי
(התאחדות־פועלי ציון)
איז מזרח־גאליציע

פנקס־חבר של התאחדות—פועלי־ציון

מיטגלידס־קאַרטע פון התאחדות—פועלי־ציון

שוין 38 יאָר ווי איך געפין זיך אין אַמעריקע און בין דאָ טעטיק אַלס סעקרעטאַר פון דער כאַראָסטקאָווער סאָסייטי אין די לעצטע 2 יאָר. די אַרבעט פון „התאחדות" אין היים־שטעטל וועט מיר אויף שטענדיק פאַרבלייבן ליב און טייער. דאָס איז געווען עבודה שלימה. איך פיל נאָך היינט, אַז מיר האָבן דאָרט, אין קליינעם און לאָקאַלן מאַסשטאַב, אָנגעצונדן פייערלעך וואָס האָבן באַשיינט די ידישע וועלט און צוגעלייגט נישט איין ציגל צום בנין הארץ.

אין יאָר 1928 האָט די אָרגאַניזאַציע צוגעגרייט אַ געזעגענונג־מסיבה פאַר מיר און מיין ליבע פרוי באַלטשע, צו אונדזער פאַרלאָזן כאַראָסטקאָוו. פון יענעם יאָר האָבן מיר שוין ניט געהאַט די מעגלעכקייט נאָכצופאָלגן נאָך דער אַרבעט פון „התאחדות".

# מיין באַזוך אין שטעטל

## אהרון ווידערמאַן /ז״ל

(פון אַ פריוואַטן בריוו, געשריבן אין אַ הומאָריסטישן טאָן, נאָך אַ וויזיט אין כאָראָסטקאָוו — געשיקט פון ארץ־ישראל אין יאָר 1938 צו זיין חבר בונם אַשכנזי („פעטרולעוויטש״).

ליבער בונם, בנימינה, אָקטאָבער 1938.

איך שרייב דיר און ווייס ניט צי מיין בריוו וועט אָנקומען, און אויב יאָ — צי כ׳וועל באַקומען ענטפער. און „פּאַרטיי״, ווי מען זאָגט אין כאָראָסטקאָוו, שרייב איך דערפאַר, ווייל מיר גלוסט זיך, און אפשר מוז איך... ווער ווייסט ?

געדענקסט דאָך אַוודאי, בונם, ווער איך בין. אונדזער חברשאַפט שטאַמט נאָך פון יענע צייטן, ווען דו האָסט געהייסן בונם פעטרולעוויטש — און איך אהרון ציצל ; ווי אויך פון יענע צייטן, ווען דו האָסט געשלונגען ביכער ווי אָפּגעקילטע גריוון און איך האָב בלב ונפש זיך באַטייליקט אין פריטיאָף נאַנסענס רייזע צום נאָרדפּאָל.

דו ביסט געווען אַ כלומרשטער בונדיסט און איך — אַ ציון־פּרעדיקער. איך האָב געחלומט וועגן ציון, מגן דוד און וועגן דער שיינער, שטאָלצער שולמית אין די טאָלן און בערג פון יהודה און אפרים. דו ביסט געווען מער רעאַליסט און קאָסמאָפּאָליט, פאַר דיר האָט אויך מאַרוסיע געהאַט אַ ווערט...

אין אונדזער דעמאָלטיקער חברשאַפט זענען מיר ניט געווען צודרינגלעך איינער צום אַנדערן מיט די פאַרשידענע וועלט־אַנשויאונגען, אונדזער פריינדשאַפט האָט צוליב דעם ניט געליטן. אונדזער ביידנס לאָיאַליטעט צו שולמית און צו מאַרוסיען איז געווען צו באַוווּנדערן. דאָס איז אַ בליק צוריק אויף יענע צייטן, אָבער ניט מער ווי אַ בליק אויף די יוגנט־יאָרן פון אַלט געוואָרענע, אָפּגענוצטע דראַבעס...

פון דעמאָלט ביז היינט — אַ „פּוילישער וועג״ פון 14 יאָר. מיך האָט געצויגן, ווי די פּאָעטן זאָגן, פונעם אָוונט־לאַנד צום מאָרגן־לאַנד מיט די בלאָע הימלען און צעגליטער ערד ; ווו אברהם אבינו האָט זיך געשפּילט מיט זיין דינסט הגר און דאָס ווייב שרה האָט געקרעכצט פאַר קנאה ; ווו דער אַלטער יצחק האָט חתונה געהאַט מיט דער יונגיטשקער רבקה און ווו יעקב האָט געבעטן ביי לבנען זיין טאָכטער. אין דעם־אָ לאַנד בין איך אין אַ גליקלעכער שעה אָנגעקומען מיט 14 יאָר צוריק. אַ סך צייט געזוכט שולמיתן. בין איך געווען אויפן באַרג, האָט זי אירע שעפּסעלעך געפּיטערט אין טאָל, האָב איך זיך געלאָזט אין טאָל, איז זי אַוועק אויפן באַרג. כ׳האָב זיך שוין כמעט ווי מיאש געווען, געוואָלט דיך



הכניסה לבית־הקברות החדש — אריינגאנג אין נייעם בית־הקברות

אויפזוכן און פרעגן אַן עצה — האָב איך דאָך באַגעגנט די לאַנג־באַגערטע שולמית. אין אַ יאָר אַרום איז אונדז געבוירן געוואָרן אַ זון.

וועסט פרעגן: פאַר וואָס שרייב איך דיר אַצינד? נאָך אַזוי פיל יאָרן? איך פלעג אָפט זיך דערמאָנען אין דיר, אָבער נישט געוווּסט ווו דער רוח טראָגט דיך ערגעץ אַרום. כ׳האָב געהערט, אַז אָט ביסטו אַנגעפלויגן אויף כאַראָסטקאָוו און ווידער אַוועק. מ׳האָט געשמועסט, אַז אין „לאַנד פון דער אויפגייענדיקער זון״, וועסט זיך שדכענען צום מיקאַדאָס טאָכטער. נאָר איך האָב מורא געהאַט, זאָלסט ניט אַמאָל באַגיין קיין כאַראַקירי...

ביז כ׳בין מיט 2 חדשים צוריק אויך אַנגעפלויגן אויף כאַראָסטקאָוו פון ארץ־ישראל. געוואָלט זען, צי די מצבה פון מיין זיידן אייזיק סלאָוועס האָט זיך ניט איינגעבויגן פון די שטאַרקע זאַווערוכעס, וואָס טראָגן זיך אַהער פון די דעמבעניס. דאָרט האָב איך געטראָפן דיין טאַטנס זון שאול, אַ גרויסער פּאַראַבעק. מיר האָבן זיך שטאַרק דערפרייט. דאָס איז געשען ביים ווייסן באָק פון דער אַלטער געמיינדע. ער האָט מיר וועגן דיר אַ סך דער־ציילט. אויך געזאָגט ווו דו געפינסט זיך, אַפילו פאַרשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר דעם אַדרעס. אַזוי אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דו ביסט נאָך נישט באַגאַנגען קיין כאַראַ־קירי, לעבסט, ברוך־השם — איז דאָס ביי מיר געווען אַ גאַנצע מציאה.

ווילסט אַוודאי וויסן וואָס דאָרט הערט זיך? וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען? אדרבה, כ׳וועל דיר דערציילן:

דעם ערשטן כאַראַסטקאָווער בירגער, מאָשקע לייזער דעם וואַסערפירער, האָב איך געטראָפן ביי דער רויטער בריק. ער זאָגט, אַז די צייטן איצט זענען שלעכטע, זינט מ׳האָט אין מיטן מאַרק אויסגעגראָבן אַ ברונעם, ווייל אַפילו די שענסטע בעלי־הבתים לאָזן זיך אין די נעכט בגניבה שעפּן וואַסער. ער פאָרט ניט מער ווי אַ 4 מאָל אין טאָג צו דער צאַפּקערניצע, בעת אַ מאָל פלעגט ער פירן 20 פעסלעך אַ טאָג. איך האָב אים געוואָלט טרייסטן, אַז אַלע וואַסער־פירערס אין דער וועלט מאַכן ניט היינט מער ווי 3 פעסלעך אַ טאָג — נאָר ס׳האָט נישט געהאָלפן. זיין פאַרצווייפלונג איז נאָך גרעסער דערמיט, וואָס מען קלערט איינפירן אין כאַראַסטקאָוו — וואַסער־לייטונג. פרעג איך דיך, בונם פעט־רולעוויטש: וואָס פאַר אַ שייכות האָט כאַראַסטקאָוו מיט וואַסער־לייטונג? אויב טאַקע וואַסער־לייטונג אין שטעטל — וועט עס ניט ווערט זיין צו טראָגן דעם נאָמען כאַראַסט־קאָוו. און וויי צו די אויגן וואָס זעען דאָס! ווייל נאָך עפּעס: אויסגעפינען דאָס עלעקטרישע ליכט: אויס מיט די קאַהאַניצלעך, אויס מיט די פינגער, אַכטער און צענער לאָמפּן. דאָס כאַראַסטקאָווער פאָלק רעדט עפּעס מיט אַ שפּראַך, וואָס אין אונדזערע צייטן וואָלט מען געמיינט, אַז דערריידער איז אַן אינטעליגענט, אַ דרעשער פון פרעמדווערטער, ווי „וואָלט" און „וואַט". און איבער דעם אַלעמען דיריגירט דער אונדז גוט באַקאַנטער אויסלענדער פון הוסיאַטין, דער עלעקטריקער פון כאַראַסטקאָוו, וואָס נאָר ער, ניט קיין אַנדערער, האָבן איינגעפירט דאָס שטענדיקע ליכט אין אונדזער טייער שטעטעלע.

די וועלט גייט אונטער... דער חזיר־פאַרקויפער פּאָקאַטאָוויטש איז פאַר צרות און ווייטיק געשטאָרבן צוליב דער חזירישער קאָנקורענץ מצד פּסחיה מאָרגענשטערן, פּיוויש טאַצערס אַ ברודער, ווי אויך אַ דאַנק מאיר געלמאַן, היינטיקער קולטוס־פאָרשטייער. ווי צו אונדזערע יאָרן! זיי פאַרקויפן חזיר עפנטלעך. מיר האָבן עס ניט דערלעבט. געדענקסט דאָך מיט וואָס פאַר אַ פּיקוח נפש מיר האָבן באַקומען אַ שטיקל חזיר. און היינט גיי גלייך און קויף זיך וויפל דו ווילסט. און דאָס ביסל אָנשטענדיקע לייט וויינען און קרעכצן. עס זיפצט אברהם זיידען, דער אַמאָליקער תקיף אין טשאָרטקאָווער קלויז, ווו אַפילו אין שבת איז שווער צנויפצושטעלן אַ מנין; עס קרעכצט יאַנקעלע טענענבוים, די קרוין פון שטעטל, דער מעטריקאַל־פירער, ווייל די יונגע לאָבוזעס האָבן ניט חתונה. און ווען יאָ, האַלט מען זיך אָפּ, נישטאָ וועמען איינצושרייבן; עס וויינט און קרעכצט מאַיר צאַפּעס, ווייל קיינער פאַרלאַנגט ניט קיין שמעק טאַבאַק, און, לא עליכם, ער קען שוין ניט דעם צאַפּן פון פעסל אַרויסנעמען, צי אַריינזעצן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין שטאָט שמועסט מען, אַז ר׳איז ניט מער אַלט ווי 75 יאָר.

אַ מאָדנע דערשיינונג! מעכאַלע טרעגער איז שמש אין דער הוסיאַטינער קלויז און

ממלא מקום פון אַלגעמיינעם שטאָט־שמש. מען זאָגט, אַז אויב דער רב וועט זיך אָפּזאָגן, פאַרנעמט מעכאַלע זיין אָרט. גלייבסט ניט? אויפן היינטיקן כאַראַסטקאָוו מעגסטו אַלץ גלייבן. מאיר לייב טשובליק איז אַ גרויסער סוחר אין טשאַרטקאָוו. דיר מאַכט עס ניט אויס, עס שטימט אַוודאי מיט דיין וועלט־אָנשויאונג, נאָר אַז איך האָב אים געזאָגט „גוטען טאָג, הער שאר" — האָט אין מיר געבורטשעט „טשובליק, טשובליק".

יאָסל שפּערלינג איז מיניסטער־פּרעזידענט פון דער אַזוי גערופענער אַרבעטער־פּאַרטיי „התאחדות". כ'בין דאָרט געווען און געזוכט דעם פלאַם־פייערדיקן פּאַטש וואָס האָסט געכאַפּט פון פישל־אלתר־איסר־דודס, בעת האָסט דאָרט, רחמנא ליצלן, פאַררייכערט שבת אַ ציגאַר. בלוי־ווייסע רינגעלעך, געפלאָכטן אין אַ קייט און געצויגן פון איין עק סופיט צום צווייטן — איז די באַצירונג פון לאָקאַל. דוד פרישמאַן מיט די שמייכ־לענדיקע ברילן — פון איין זייט, און מאַקס נאָרדוי מיטן פאַרקעמטן בערדל — פון דער צווייטער זייט. רעדט ווידער אַן אַמאָליקער ציוניסט וואָס רופט זיך ד"ר יחיאל טשלענאָוו, פון דער לינקער זייט — דער גרויסער רעטער פון דעמאָלטיקן אונטערגייענדיקן יידנטום ד"ר טעאָדאָר הערצל, וועלכער שטייט עפּעס אָנגעבויגן אויף אַ בריק און קוקט אויף מענטשן וואָס דראַפּען זיך אויף אַ באַרג. אונטן שטייט אָנגעשריבן מיט חומש־לשון, „אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן", אין אַ ווינקל האָב איך נאָך געטראָפן אַ טאָוול מיט אַזאַ אויפשריפט בערך:

> „די אונטן דעמאָנטע חברים און חברות ווערן דרינגענד אויפגעפאָ־דערט זייער מאָנאַטס־בייטראַגע, ווי אויך די געלטער פון דער לעצ־טער שקלים־אַקציע אין די הענט פון חשובן אינקאַסענט, ה' משה שיע קמיץ, ביז זונטיק דעם 8.6 אָפּצוליפערן. חברים וועלכע וועלן די אויבנדערמאָנטע באַקאַנטמאַכונג ניט דערפילן, וועלן געצויגן ווערן צו פּאַרטייאישער פאַראַנטוואָרטונג.
>
> דער אויסשוס".

כ'האָב אויך דורכגעקוקט די ליסטע פון די פּאַרטייאישע פאַרנאַכלעסיקער, אָבער פאַר מיר זענען דאָס געווען אומבאַקאַנטע נעמען. געזאָגט האָט מען מיר, אַז די אַלע זענען הונדערט־פּראָצענטיקע כאַראַסטקאָווער, נאָר דער נייער דור, געבוירן דעמאָלט ווען מיר האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אַ סך ענדערונגען זענען דאָרט פאָרגעקומען אין אונדזער באַטייליקונג. למשל: לייזער גאָלדהירש איז אַ גרויסער אינדוסטריעלער, צוו. אַנד. האָט ער אַן עסיק־פאַבריק, אַ מאַס־קאַליען־פאַבריק, אַ סאָדע־פאַבריק, אַ לאָדאָווניע, וואָס פּראָדוצירט אייז און אַ סתם פינאַנסיעלע דריי־אינדוסטריע. שייע קעניג, באַקאַנטער פעל־עקספּאָרטער, ליפערט פעלן פון יונגע לאָשיקלעך. איצט די באַקאַנטע „פירמע", הויכע אָנגעזעענע מלוכה־

באַמטע, פּערזענלעכקייטן און גרויסע אויפטוער אין דער דעוויזן־פּראַגע. אַ דאַנק זייער איבערגעגעבנקייט דער פּוילישער מלוכה, האָבן פיר כאַראָסטקאָווער יונגעלייט פאַר־ברענגט צו 2 יאָר אין סטאַניסלאַוואָווער תפיסה און איינער פון זיי האָט אויסגעהויכט די נשמה אַ וואָך פאַר דער באַפרייאונג. מען זאָגט, אַז ביי די נאָענטסטע קהילה־וואַלן, האָבן זיי בדעה צו קאַנדידירן אויף דאָזאָרעס...

קנאַפּע 2 חדשים האָבן איך געטרעטן אין די געשמאַקע כאַראָסטקאָווער בלאָטעס. איך אויפן שטעטל און דאָס שטעטל אויף מיר, האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק. נאָר איך קען זיך ניט באַפרייען פונעם געפיל, אַז דאָס גאַנצע יידישע לעבן גייט אונטער. אַזוי האָב איך געזען בשעת כ׳האָב פאַרנאַכט אַרויפגעקלעטערט אויפן שפּיץ טורעם פון דעם אַלטן איינפאַלנדיקן ראַטהויז. אַלץ צעפאַלט זיך, און דער וואָס קאָן — ראַטעוועט זיך.

כ׳בין צוריק אַוועק קיין ארץ־ישראל, פּאַלעסטיין. דאָ צעפאַלט זיך נישט, נאָר עס ברענט, עס פלאַקערט אַרום און אַרום. אַ טייל זאָגן, אַז פון דעם פייער וועט אַרויס קומען אַ שטאַרק אויסגעגליטע זאַך. כ׳האָב אַ פיינע און שיינע בחורה, אַ 5־יאָריק געשמאַק יינגע־לע. שרייב וואָס הערט זיך ביי דיר, נאָר וואָס גיכער. היינטיקע צייטן, ספּעציעל דאָ, קען אַמאָל דער בריוו ניט טרעפן דעם צו וועמען ר׳איז געשיקט געוואָרן. כ׳גרוס דיך און דיין ווייב. אויב האָסט נאָך ניט אַזעלכע, גרוס איך דיינע צופעליקע ווייבער...

דיין אהרון.

**התאחדות פועלי־ציון בחורוסטקוב**

הרינו מתכבדים בזה להזמין את הח׳ ..............................

# לחגיגת יובל

## לרגלי 15 שנים לקיומו של הסניף

**התאחדות פועלי־ציון בחורוסטקוב**

**שתתקים ביום 17 לדצמבר (שבת) 1938**

**באולם** ....117.... **בשעה** ..............

J. Sperling Chorostkow

# פון אונדזערע געשטאַלטן

משה פינק / באר־שבע

## רעלאַ און מנשה פעלנער

דאָס פּאָרפּאָלק רעלאַ און מנשה פעלנער זענען געווען לערערס אין דער מלוכהשער פאָלקס־שול („פּאָוושעכנע״) אין כאַראָסטקאָוו. זי האָט געלערנט אין די נידעריקע קלאַסן, ער — מאַטעמאַטיק, פיזיק און כימיע אין די העכערע קלאַסן. אויסער דעם האָט ער די יידישע שילערס געלערנט רעליגיע.

ביידע רעגירונגס־באַאַמטע, מיט אַ געזיכערטער עקזיסטענץ און אַנגעזעענער פּאָזיציע אין שטעטל, האָבן זיי דאָך נישט אָפּגעריסן זיך פון אייגענעם שטאַם און געפירט זייער יידיש־טראַדיציאָנעל לעבן, ווי אַלע יידן אין כאַראָסטקאָוו.

דער עלטערער זון האָט שטודירט אויף אינזשיניער און די יינגערע טאָכטער, צוליבן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־קריג, האָט געמוזט איבעררייסן איר שטודיום. אָבער ביידע קינדער, פּונקט ווי די עלטערן, האָבן זיך נישט דערווייטערט פון אייגענעם פאָלק.

יעדער שבת האָט מען געזען ווי מנשה פעלנער טראָגט אונטערן אָרעם דאָס טלית־זעקל און ביי דער צווייטער האַנט פירט ער זיין טעכטערל אין בית־המדרש צום דאַווענען. אויך דער זון, ווען ער פלעגט פון אוניווערסיטעט קומען אַ היים קיין כאַראָסטקאָוו, איז שבת געגאַנגען מיטן טאַטן דאַווענען.

דאָס דאָזיקע פּאָרפּאָלק האָט אומעטום אונטערגעשטראָכן זייער יידישקייט, געווען שטאָלץ מיט זייער אָנגעהעריקייט צו אונדזער פאָלק. זיי האָבן פיל געשפּענדעט פאַר יידישע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס און נאַציאָנאַלע פאָנדן. מנשה איז אויך געווען טעטיק אין איינער פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל.

אין זייער באַרוף אַלס לערערס, האָבן רעלאַ און מנשה פעלנער געזען אַ שליחות, אַוועקגעבנדיק אַ סך כוח און מי, כדי אַריינפירן יידישע קינדער אינעם היכל פון וויסן און בילדונג. זייערע תלמידים האָבן געמאַכט פּאָרשריט — און די עלטערן האָבן געמעגט זיין צופרידן פון די דאָזיקע אויסגעצייכנטע פּעדאַגאָגן, וועמענס אויטאָריטעט, אָנזען און אנערקענונג ביי דער יידישער ווי ביי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, איז געווען גרויס.

כדי כאַראַקטעריזירן דעם ספּעציפישן צוגאַנג פון דעם לערער־פּאָרפּאָלק צו זייערע אויפגאַבן און צו די תלמידים, וויל איך דערציילן אַזאַ פאַקט:

צו די שוואַכע תלמידים (צו וועלכע אויך איך פלעג זיך פון צייט צו צייט פאַרעכע־נען), האָבן מנשה און רעלאַ אָנגעווענדעט אַלערליי מאָסן: אי שטרענג רעאַגירט טייל־

מאָל — אַ פּילו מיט אַ קלאַפּ, נאָר דער עיקר: איינגערוימט אַ סוד אין אויער, פּרובירט שטיל איבערצייגן דעם צוריקגעשטאַנענעם שילער, ער זאָל זיך גוט לערנען. די דאָזיקע קאַטעגאָריע שילערס האָבן אָבער געשטוינט, ווען זייערן אַ חבר אין דער זעלבער קלאַס, משה זעלצער, האָבן די זעלבע לערערס גאָר אַנדערש באַהאַנדלט. נישט געשריגן אויף אים, און פון הייבן אַ האַנט — איז דאָך אָפּגערעדט. פּאַרקערט, תמיד אים אַרויסגעהאָלפן, אונטערגעזאָגט און באַמיט נישט לאָזן אים דורכפאַלן ביי די עקזאַמענס. ערשט שפּעטער, אַז מיר זענען אונטערגעוואַקסן, האָט מען זיך געכאַפּט און פאַרשטאַנען די אמתדיקע כוונות פון די פעלנערס.

משה זעלצער האָט געשטאַמט פון אָרעמע עלטערן. זיין פאָטער דער שניידער און די מוטער די בעקערין, זענען טראָץ די צוויי באַשעפטיקונגען, נישט געווען אימשטאַנד צו פאַרזיכערן פרנסה דער זעקס־פּערזאָניקער פאַמיליע. זייער דירה איז באַשטאַנען פון צוויי קליינע צימערלעך, ווו ס'איז געווען אי די וווינונג, אי די בעקעריי, אי דער שניידער־וואַרשטאַט. מנשה פעלנער האָט געוווּסט, אַז משה האָט נישט קיין שום באַדינגונגען זיך צוגרייטן צו די לעקציעס ווי אַנדערע שילערס. דערפאַר האָט ער און זיין פרוי אים גע־האָלפן. דאַקעגן צו מיר האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַ סך שטרענגקייט, הגם ער איז מיט מיין פאָטער געווען גוט באַפריינדעט, געזעסן איינער לעבן אַנדערן אין בית־המדרש ביים דאַווענען און אַפילו געוווינט בשכנות.

רעלאַ און מנשה פעלנער זענען טיף איינגעקריצט אין זכרון פון די בני כאָראָסט־קאָוו — און זייערע נעמען וועלן תמיד דערמאָנט ווערן צום גוטן.

## ישראל־אברהם דער מלמד

דער הוסיאַטינער חסיד ישראל־אברהם איז געווען באַקאַנט אין שטעטל אַלס ערלעכער ייד און ירא־שמים. נאָר ווי דער רוב מלמדים אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, איז אויך ביי אים נישט געווען מיט אַלעמען בנוגע פרנסה. ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט פון אַ ברית־מילה, אַ יאָרצייט, אַ חתונה און אַנדערע שמחה, ליב געהאַט צו נעמען אַ גלעזל, אָבער נישט, חלילה, זיך אָנצושיכורן, נאָר קודם כל כדי קענען די אַלע יידן וואָס זענען געזעסן אַרום אים, אָנווינטשן מיט כוונה און אַ סך האַרציקייט (און דערביי לאַנג און שטאַרק געדריקט די האַנט): כל טוב פאַר כל ישראל, אַ גאולה שלימה פאַרן יידישן פאָלק און פרנסה פאַר יעדער איינעם. אַלס קינד, צוקוקנדיק זיך צו דעם מלמדס ברכות, האָב איך געגלויבט, אַז שוין צומאָרגנס וועלן זיי מקויים ווערן, ווייל מיט אַזאַ דבקות און אמונה האָט ער גערעדט...

ישראל־אברהם איז אַ געוויסן פּורים שטאַרק באַרימט געוואָרן אין שטעטל — ומעשה שהיה — כך היה:

צו דער פּורים־סעודה ביים שניט־סוחר און הוסיאַטינער חסיד, ר' שלום פיינגאָלד,

אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט זיינע נאָענטע און ווייטע קרובים, פריינד און שכנים, איז אויך געקומען ר׳ ישראל־אברהם. מיט אַמאָל עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ פאַרשטעלטער חסיד, מיט אַ מאַסקע אויפן פנים. ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, לעבן אונדזער מלמד, אויסגעטרונקען אַ „לחיים" און דערביי געווינטשן אַלדאָס גוטס. דער עולם איז געווען שטאַרק פאַראינטריגירט צו וויסן ווער דער גאַסט איז — נאָר יענער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַראָפּנעמען די מאַסקע.

ערשט ווען עס האָבן זיך שפּעטער באַוויזן די פּורים־שפּילערס פון חאַסקל טרעגער, מיטן פידלער, וועלכער האָט געשפּילט חסידישע ניגונים, און דער עולם האָט זיך געלאָזט אין אַ ריקודל, איז אַראָפּגעפאַלן די מאַסקע אויף דער ערד — און אַלע זענען דערשטוינט געוואָרן: דער פאַרשטעלטער חסיד, וועלכער האָט אַזוי עכט־יידישלעך געטרונקען אַ לחיים און געוווּסט אַלע יידישע ווינטשעוואַניעס — איז געווען אַ... קריסטלעכע פרוי, וועלכע האָט געהאַט ביי אונדז געדינט 13 יאָר און אויסגעצייכנט געקענט אַלע יידישע מינהגים און יומטובים. ווען אַלע זענען אַוועק פון שטוב, האָט זי אויפן בוידעם געפונען אַן אַלטן שטריימל, אויסגעזוכט אַ קאַפּאָטע און מיט דער מאַסקע אויפן פנים אַוועק צו דער פּורים־סעודה פון ר׳ משה פיינגאָלד.

ווי עס פּאַסט פאַרן יום־טוב פּורים, האָט מען די געשעעניש אויפגענומען מיט אַ סך פריילעכקייט און פאַרשטענדעניש. חסידים זענען אַפילו געווען צופרידן און געגעבן צו פאַרשטיין, ווי גרויס ס׳איז די השפעה פון יידישן דת און מינהגים, אַז אַפילו אַ קריסט־לעכע פרוי ווערט מיט זיי אָנגעשטעקט און איבערגענומען. עס איז נאָר שווער געווען תופס צו זיין, הלמאי אַזאַ יראת־שמים און פרומער ייד ווי ר׳ ישראל־אברהם דעם מלמד, איז גראָד אויסגעקומען צו טאַנצן מיט אַ קריסטין...

### ר׳ מאיר בלוטהאַל, דער שוחט

כאַראַקטעריסטיש, וואָס די האָבן אָפיציעל נישט געהאַט קיין נעמען און נומערירטע הייזער. איז ווער אָנגעקומען אין שטעטל מיטן באַן האָט דער דראָזשקאַזש, צי בעל־עגלה געוווּסט יעדן איינעם ווו צוצופירן. אַ פרעמדער האָט געמעגט זיך נאָכפרעגן ביים קלענסטן קינד ווו עס וווינט זיינער אַ קרוב צי פריינד — און מען האָט אים אַריינ־געפירט צו יענעם אין שטוב אַריין. דער בריוונטרעגער האָט אַלעמען געקענט און געדענקט זייערע נעמען און אַדרעסן פון אויסנווייניק.

געווען אָבער עטלעכע גאַסן, וועלכע דאָס פאָלק גופא האָט באַצייכנט מיט נעמען, ווי די האַלב־עלפער גאַס, די צירילוווקע, די רויטע־בריק גאַס און די האַלב־ניינער גאַס, אויף וועלכער אויך אונדזער משפחה האָט געוווינט. די באַצייכענונג פאַר דער גאַס איז געווען ווי אָפּגעמאָסטן, ווייל פון האַלב 9 אַ זייגער אין אָוונט, איז דאָרט געווען

דער הויפּט־שפּאַציר און דער עיקרדיקער טרעף־פּונקט פון די וואָס האָבן געוואָלט אי כאַפּן אַ שמועס, אי דערליידיקן ענינים, אָדער גאָר ראָמאַנסירן.

אויף דער האַלב־ניינער גאַס האָט געוווינט ר׳ מאיר בלוטהאַל, דער שוחט. אַן אײי־דעלער, קלוגער ייד. נאָר פון די פיל באַשעפטיקונגען זיינע (שוחט, חזן און בעל־קורא אין דער גרויסער שול, מוהל) — איז די פּרנסה געווען זייער אַ קנאַפּע. זיין ערשטער אויפטו באַלד אין דער פרי איז ניט געווען צו כאַפּן טלית־און־תפילין און גיין דאַווע־נען — נאָר זאָרגן דערפאַר, אַז אַ נויטבאַדערפטיקער ייד זאָל דעם טאָג נישט הונגערן, חלילה, ער זאָל האָבן אויף אַן אָנבייסן. ערשט ווען ער האָט זיך אָפּגעכאַרטיקט מיט דער דאָזיקער מצווה, האָט ער זיך געלאָזט איבער די קלויזן און שטיבלעך צו דאַווענען מיט אַ פאַרשפּעטיקט מנין. אין שטעטל איז געווען באַוווּסט, אַז ר׳ מאיר דאַוונט אין אַלע אָן אויסנאַם בתי־תפילות, ווייל ער האָט תמיד געוואָלט גאָט בעטן — מיט אַ מנין. דאַקעגן שבת און יום־טוב האָט ער אַלס חזן געדאַוונט פאַרן עמוד אין דער גרויסער שול.

ר׳ מאיר איז אויך געווען אַ גרויסער מכניס־אורחים. אַליין געוווינט אין ענגשאַפט און געלעבט בצמצום, האָט ער שטענדיק געוואָלט מקיים זיין די מצווה פון הכנסת אורחים. אַז אַן אורח איז געשלאָפן ביי אים, האָט ער זיין זון אָשר געשיקט צו אונדז אויף נאַכטלעגער. האָב איך און מיין ברודער, וועלכע זענען ביידע געשלאָפן אין איין בעט, געהאַט דעמאָלט אַ דריטן בייזשלעפער...

פּונקט ווי אָשר און מיין ברודער יחזקאל זענען געווען גוטע חברים, אַזוי זענען ר׳ מאיר מיט מיין פאָטער געווען גוטע שכנים. אויסער דעם האָט זיי אויך פאַרייניקט דאָס חזנות. ווייל מיין טאַטע, אויסער מיט מסחר, איז אויך געווען בעל־תפילה און בעל־קורא אין בית־המדרש. מיר האָבן געוווינט אויף דער זעלבער גאַס, זייער הויז איז געשטאַנען אַנטקעגן אונדזערן, אָפּגעטיילט דורך דעם וועג און טראָטואַרן.

יעדער פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען מ׳איז געזעסן ביים שבתדיקן טיש און מיט גרויס הנאה געזונגען די זמירות, פלעגן מיר הערן פון ר׳ מאירס שטוב זייער אנגענעם געזאַנג, פּונקט ווי זיי האָבן אונדז געהערט. אַ סך איינוווינער פון שטעטל פלעגן קומען אונטער די פענצטער זיך צוהערן צו די זמירות פון די צוויי חזנישע הייזער, ווי אויך יידישע און העברעישע לידער.

אַ געוויסן פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען מיר האָבן פון געוווינהייט געוואַרט אויף די ערשטע קלאַנגען פון די זמירות פון ר׳ מאירס שטוב, האָט זיך בלויז דערטראָגן פון דאָרט אַ שטילער „כל מקדש שביעי״ — און ווי אָפּגעהאַקט. מער קיין קלאַנג, קיין וואָרט, קיין געזאַנג. מיר האָבן געפּירט דעם שבתדיקן טיש ווי יעדעס מאָל, נאָר מיין פאָטער האָט באַהערשט אַן אומרו און זאָרג מיט דעם וואָס ס׳איז פאָרגעקומען ביים שכן, הלמאי מ׳איז נישט ביי אים מרבה בזמירות.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט די סיבה פון דער שווייגעניש:

ווען ר׳ מאיר איז געגאַנגען פון שול אַהיים, האָט ער נישט ווילנדיק דערזען דורכן פענצטער, ווי זיין שכן, דער קצב שלמה באטאטיטשער, מאַכט קידוש איבער... ברויט. „הייסט עס", האָט געטראַכט ביי זיך ר׳ מאיר, „אַז ר׳ שלמה האָט נישט אויף שבת. און ער, אַ נאָענטער שכן, האָט גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם און דערלאָזט צו אַזאַ בזיון..."

קומענדיק אַהיים, האָבן אַלע שטוביקע דערפילט דאָס עגמת־נפש פון ר׳ מאירן. זיין „גוט שבת" איז געווען אין גאַנצן אַן אַנדערער ווי תמיד, אַ טרויעריקער, פול מיט יאוש. דערפאַר האָט זיך אים מער נישט געזונגען קיין זמירות יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס.

אַ פאַרשטערטער שבת, פאַרשטערטע זמירות...

# א יזכור נאָך די כאַראַסטקאָווער יידן

בלומע פעפער־לעמפעל / ניו־יאָרק

יזכור! — געדענק! — ניט כאַראַסטקאָוו דאָס שטעטל, נאָר די יידן וועלכע האָבן דאָרט געלעבט און אומגעקומען אין אירע גאַסן, געסלעך, ביי די מויערן פון רינג־פּלאַץ און אין די איינגעהויקערטע הייזקעס.

געדענק די שטאָלצע טענענבוימס, די איינגעפונדעוועט־איינגעזעסענע, ווי זייערע ציגל־הייזער. געדענק אויך די, וועמענס פאַמיליע־נעמען ס'האָט קיינער נישט געקענט, ווי: הענטשע, גיטשע דער באָבעס, חוה לאָשאַק, יאָסל ברוך דעם קרומענס — די אַלע פרומע און ווידערשפעניקע, די יונגע און אַלטע — געדענק!

געדענק בריינטשע טענענבוים, די „פּרימאַדאָנע" פונעם דראַמאַטישן קלוב, געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון די אַנדערע מיידלעך. באַקרוינט מיט זוניק־ליכטיקע האָר ווי אַ סימבאָל פון דער א. ג. „צעסאַרסקיע פאַמיליע", גערעדט צו ביסלעך פויליש און געלייענט שלום אַש אין איבערזעצונג. מיט איר איז געגאַנגען די יונגערע שרהלע דעם רבס, עטוואָס אומזיכער, אַ ביסל איינגעבויגן — אפשר אונטער דער לאַסט פון אירע לאַנגע צעפּ, צי נאָך לענגערן יחוס־בריוו, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון אירע גרויסע, טרויעריקע אויגן, וועלכע האָבן געהערשט איבערן גאַנצן געזיכט.

איך געדענק כאַראַסטקאָוו נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג. די יוגנט ברויזט, ווייל ערגעץ־ווו אין דער גרויסער וועלט האָט אַ מאַן מיט אַן אויסלענדישן נאָמען, באַלפור, דערצו נאָך אַ לאָרד, אַרויסגעגעבן אַ דעקלאַראַציע — און די טשופּרינע ביי הערש־מענדל קליין האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און געווינטלט, אפילו ווען דאָס וועטער איז געווען שטיל. דער ריטם פון דער צייט האָט דערגרייכט די כאַראַסטקאָווער יוגנט. דאָס יידישע פאָלק האָט נאָך אַ סך יאָרן פון שוייגן — באַקומען לשון. די ווענט פון דער גרויסער שול האָבן געציטערט, אָבער דאָס מאָל ניט פון זאָגן תהילים, צי פון לערנען אַ בלאַט גמרא — נאָר פון פישל ווערבערס פייערדיקער צונג. ער שטייט אין די שטיוול, איינגעריכטע פון זיין שווערס גרויפּן־מיל, דער ברייטער שטערן פאַרשוויצט, די ברילן פאַרהויכט פונעם אינע־ווייניקסטן פייער. נישט צו די טאַטעס, דעם דור המדבר, זענען געווענדט זיינע רייד — נאָר צו די יונגע. אויב אַפילו מיר האָבן זיינע דרשות ניט פאַרשטאַנען, האָט אָבער דער

זין און באַדייטונג פון די ווערטער ווי אַ געגאַרטער רעגן באַפרוכפערט די פאַרשמאַכטע ווינקלען אין די הערצער.

ס'איז אויפגעקומען אַ פּועלי־ציון, רעכטע און לינקע, אַ החלוץ. יעדער מאַנטיק, אין סאַמע ברען פון יאַריד, איז דאָזשע באַמזע אַרויס אין גאַס, כדי צוטשעפּען בלוי־ווייסע שלייפעלעך, זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל. די סוחרים און מאַרק־פאַרערס פון די אַרו־מיקע שטעטלעך: רימאַלאָוו, קאַפּיטשיניעץ, סוכאָסטוו און אַנדערע ערטער, האָבן געקוקט אויף דאָזשעס פאַרשייטע, קורץ־געשוירענע האָר און אירע בלישטשענדיקע ציין, וועלכע האָבן זיך כסדר אָנגעזען צוליבן קלינגענדיקן געלעכטער פון איינער וואָס ווייסט, אַז קיין שענערס פון איר איז נישטאָ... די יידן האָבן פאַרגעסן, אַז מ'האָט נאָך קיין „פּאָטשאָנטעק" ניט געהאַט — און דאָזשע האָט געלאַכט און געלאַכט.

דער מאַנאָפּאָל אויף שיינקייט האָט אָבער ניט געהאַט בלויז דאָזשע. דעם שוחטס אַלע טעכטער זענען געווען שיינהייטן. נאָר אַמשענסטן פון אַלע זענען געווען שרהלע שעכטער און איר שוועסטער בתיה, וועלכע האָט ווי אַ יונגע סאַרנע אויפן ברעג פון וואַלד, געקוקט אויף דער אָפענער וועלט מיט צעשראָקענע אויגן, אַז קיינער זאָל ניט דערזען דעם הונגער וואָס האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער בלאַס־גרינלעכער פאַרב פון איר פנים.

אויב ווער פון דער יוגנט איז נאָך דער חתונה דאָך געבליבן זיצן אין כאָראָסטקאָוו, איז עס ניט געווען פון אייגענעם ווילן, נאָר ווייל קיין אַנדערע ברירה איז ניט געווען. למשל, פרומטשע די נייטאָרין. ווען ביידע ברידער קליינער האָבן זיך אין איר פאַרליבט און זי האָט ניט געקענט באַשליסן צו וועמען זי זאָל געהערן, וואָס וואָלט איר געזיכערט אַ וויזע קיין קאַנאַדע — ביז זי איז אומגעקומען אין דער גאַז־קאַמער. אַן ענלעכער פאַל האָט פּאַסירט מיט מאָטל אפרים בעקער־טרעגער. וואָלט איר טאַטע פריער געוואָרן אַ בעקער, ווי ער האָט עס שפּעטער געטאָן — וואָלט דער שידוך געווען צושטאַנד געקו־מען, און אַ סברה, זי וואָלט היינט נאָך געווען צווישן די לעבעדיקע.

אַלע האָבן געוואָלט אַנטלויפן, אַרויסרייסן זיך פון קלעם און דעם אויפגעצווונגע־נעם לופט־לעבן: אַ פּעקל קלאָטשע, אַ זעקל תבואה, אַ בינטל פלאַקס... די יוגנט האָט געגאַרט נאָך אַן אייגענער היים, געזוכט פּראָדוקטיווע אַרבעט, אַ לייטישע באַשעפטי־קונג, געוואָלט בויען און זיך איבערבויען. צווישן די ערשטע חלוצים־עולים קיין ארץ־ישראל, איז געווען מיין חברטע יעטקע יאַריטשאָווער. ליידער, אויך זי האָט געטיילט דעם גורל פון די זעקס מיליאָן קדושים. זי איז צוריק געקומען קיין פּוילן — און אירע שוואַרצע, גליענדיקע אויגן לויכטן אין מיין געדעכעניש... ווער וועט באַוויינען די אַלע נישט אויסגעלעבטע לעבנס פון אונדזערע כאָראָסטקאָווער קינדער?

איך געדענק דעם עילוי פון דער משפחה כץ. צו צען יאָר האָט ער געהאַט געענדיקט גאַנץ ש"ס. ווער ווייסט צו אַ וואָסערע הייכן זיי וואָלטן דערגרייכט? אָדער די טיפקייט צו וועלכער זיי וואָלטן זיך דערגרונטעוועט? ביי וועמען אין זכרון איז נאָך פאַרבליבן

דאָס געשטאַלט פון דעם וווּנדער־שיינעם און עטוואָס צעבאַלעוועטן הערשעלע פיינגאָלד, זיינע שוועסטערס? און זאָשע אשכנזי־פיינגאָלד, מיט אירע כישופדיקע חן־גריבעלעך, אָנגעפולט מיט פרייד?

ווער וועט זאָגן קדיש נאָך מיין פאָטער אברהמטשע פּעפּער ז״ל, דער קצב? ער האָט זיין היים ניט געוואָלט איבערלאָזן און אַז די טומאהדיקע הענט פון די רוצחים זאָלן אים אומברענגען — האָט ער אויף אַ באַלקן פון סופיט זיך אויפגעהאָנגען. זיין מוזיניקל, יאָסעלע, איז אַ לעבעדיקער אין בונקער פאַרברענט געוואָרן. זיין חבר קרענקעל, פון דער יידישער אָרדענונגס־דינסט, האָט נישט געוואָלט אויסגעבן די באַהעלטעניש — און צוזאַמען זענען זיי אומגעקומען אין די פלאַמען.

זאָל דערמאָנט ווערן אויך די פרוי פון דאָקטאָר אויערהאַן, וועלכע איז געווען ווייט און אָפּגעפרעמדט פון יידן און יידישקייט. ווען מ׳האָט די יידן פון שטעטל צונויפגעטריבן אויפן מאַרק־פּלאַץ, האָט זי געבעטן די רוצחים, אין אַ קאָרעקטן דייטש, מען זאָל זי דערשיסן אויפן אָרט: „ערשפּאַרען זי מיר די שאַנדע!“... דער מערדער האָט איר צוליב געטאָן, דערשאָסן אויף דער אייגענער וועראַנדע, אין איר אַסימילירטער אָפּגעזונדערטקייט.

מיין קוזינקע שרה לאָוונער האָט ניט געהאַט אַזאַ „גליק“: אַ פאַרוווּנדעטע האָט זי דריי טעג געבלאָנקעט איבער די כאַראָסטקאָווער גאַסן, קיינער האָט ניט געוואָלט אַ סוף מאַכן צו אירע ליידן. פון אירע פיר זין און צוויי טעכטער איז קיינער ניט געבליבן לעבן.

ווער שפּאַצירט איצט אויפן קאָרזאָ, ווען עס פאַרשיכורט דער ריח פון אַקאַציע? נישטאָ ציפּע בלייך און בומיק פאַסטערנאַק, בערנאַרד קאָן, שלמה ראָטענבערג, דאַבטשע שטיין, רוזשע געלבאַרד און זאָשע וואַלאַך — צוויי קנאָספּן אויף אַן אָפּגעבראָכענעם צווייג. און ווער ראָמאַנסירט איצט אויף דעם „ניין־אַ־זייגער טראָטואַר“? עס זענען זיכער פאַרבליבן די שטיינער און שטערן, די איינציקע עדות פון רחלע דעם סובוסטאָ־ווער מלמדס זיפצן, ווען יאָסל גאָלדהירש האָט געשוויגן ווי אַ ספינקס.

*

יזכור! געווען אַ שטעטעלע מיט יידן. דאָרט האָבן קאָזעס שפּאַצירט אויף די דעכער און די יוגנט האָט געשוועבט אין אומזעבאַרע הימלען. איך זע איצט פאַר מיינע אויגן די גראָטעסקע טיפּן פון כאַראָסטקאָוו. די „קלאָפּערס“, וועלכע האָבן אויף די יאַרידן אַריינגעקלאַפּט דעם קונה אין האַנט אַריין „פראַנצויסקי טינופת“; צי רעכאַלע די משוגענע, וועלכע האָט פאַר די שקצים פאַרהויבן דאָס קלייד און געגומען טאַנצן; קעשענע־שניידערס, דער רוב צוגערייזטע, ווי שאָלקעלע, באַשעלע און אַנדערע, פון היימישער פּראָדוקציע.

אויך די משוגעים האָבן באַרייכערט דעם קאָלאָריט פון דער יידישער כאַראָסטקאָוו.

אפרים, וועלכער האָט געטראָגן די עופות צום שוחט, האָט זיך געפרייט, אויב ס איז ביי עמעצן זויער געוואָרן די יויך... דעמאָלט האָט ער געהאַט וואָס צו עסן. הערשעלע דער משוגענער קומט מיר נאָך היינט צו חלום. ער לויערט אויף מיר אין די טונקעלע קאָרי־דאָרן פון דער גרויסער שול יעדעס מאָל, ווען איך גיי אַהיים פון מיין חברטע איטע, וועלכע האָט געוווינט לעבן ראָטהויז. איך אַנטלויף — און ער לויפט מיר נאָך... איך וועק זיך איבער פון שלאָף אַ באַגאָסענע מיט שוויס — נישטאָ דאָס שטעטל, נישטאָ די שול, נישטאָ די מענטשן.

יזכור! נאָך די גוטע און שלעכטע, די שיינע און די מיאוסע, די שיינגייסטער און ווילע יונגען! פון דער רויטער בריק ביז דער מיל, פון דער צערילעווקע ביז דער באָד־גאַס.

יזכור! נאָך די מיידעלעך, וועלכע האָבן געשעפּט וואַסער פון ברונעם, וואָס האָט ווינטער זיך באַדעקט מיט אייז־סאָפּליעס. ערגעץ טיף אין דער קרעניצע וויברירט נאָך דאָס קינדערישע געלעכטער פון צביה וועקסלער, רויזע־לאה וויטאָף, גאָלדע און צירל, ווען צירל אברהם ווארגאטעס האָט זיך אויסגעגליטשט מיט אירע קאַנען וואַסער. די דאָזיקע צירל האָט זיך געהאַט איר באַזונדערן מעטאָד צו ברענגען 4 קאַנען וואַסער מיט איין גאַנג: אָפּטראָגן צווי קאַנען אַ שטיק וועג, זיי לאָזן שטיין, זיך אומקערן נאָך די אַנדערע צוויי, זיי צוברענגען צו די ערשטע — ביז זי האָט אַלע פיר געברענגט אַ היים.

צווישן די חורבות און שטיינער פון דער גרויסער קלויז, ציטערט נאָך אוודאי היינט דער ווידערקול פון רייזע אהרון־איציק שאָכערס דריבנע טריט. דאָרט, אויף די פאַר־קראַטעוועטע פענצטער, האָט זי געהאַלטן אירע וואַזאָנעס — בליענדיקע חלומות. גע־מאָסטן זיידענע סטענגעס פאַר גויישע כלות און געהאָפט, אַז דער בחור וואָס יאָגט זיך נאָכן ווינט, וועט ענדלעך זיך באַרואיקן און דערזען ווער עס האָט אים באמת ליב.

הינטער דער קלויז האָט געוווינט מרדכי־וואָלף שוחט. בייטאָג געשאָכטן עופות, אין די אָוונטן — בהמות און קעלבלעך. אין צווישן צייט פלעגט ער זיך אַהיים כאַפּן, כדי טרינקען אַ גלעזל טיי. מרדכי־וואָלף איז געווען אַ מענטש מיט פרינציפּן, אפילו זיין טרינקען איז געווען צערעמאָניאַל און שטרענג אָפּגעהיטן. מאַכט זיך אַ מעשה, ער קומט אַמאָל אַ היים, און דערזעט, אַז אויף דעם בענקל, ווו ער זיצט תמיד און טרינקט טיי, האָט זיך ברייט צעזעצט דוואָשע, די רייכע שניט־קרעמערין. ער טראַכט ניט לאַנג און רופט זיך אָפּ צו איר:

— זייט אַזוי גוט, הייבט זיך אויף — איך דאַרף זיך אַוועקזעצן טרינקען טיי...

צי אַ צווייט מאָל, ווען ס'איז געקומען די קריסטלעכע דינסט פון אַ יידישן בעל־הבית שעכטן אַן עוף, האָט ער גראָד געטרונקען טיי. אמת, ריידן פויליש האָט ער ניט געקענט, אָבער מען דאַרף פאָרט זאָגן דער שיקסע אַז ר'איז פאַרנומען. „פּעי הערבאַטאַ" — זאָגט ער צו איר. די קריסטין טראַכט ניט לאַנג און זעצט זיך צום טיש, כדי טרינקען טיי. דער

שוחט מאַכט אַ געוואַלד, אַז נישט דאָס האָט ער געמיינט. און דאָס שטעטל קייכט דערנאָך פון געלעכטער...*

ווען ביי מיין טאַטן האָט זיך אַמאָל געמאַכט אַ קו מיט אַ סרחה, האָט מרדכי־וואָלף פאַרקאַטשעט די אַרבל און ווי אַ געניטער כירורג אַזוי לאַנג געצויגן פאָדעם נאָך פאָדעם, ביז די סרחה האָט זיך אויפגעלייזט און דאָס פליש איז געווען כשר.

*

דוכט זיך, — אַ קליינע שטאָט כאַראָסטקאָוו, אַפילו אויף דער מאַפּע ניט געווען באַ־צייכנט. דאָס קויטיקע טייכל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען טײנע (אין יידיש הייסט עס — שטיל), איז ווי אַ גאַרטל געלאָפן צווישן שטעטל און דאָרף, אָפּגעטיילט גוי פון ייד. איצט איז דער טייך נאָך דאָ, דער גוי איז נאָך דאָ, אָבער גיטל אייזיקס די מילכיקערין מיט אירע זין און טעכטער, זייערע פערד־און־וועגעלע — זענען מער נישטאָ. ניט זיי, ניט זייערע קינדער און קינדס־קינדער וואָס האָבן געזאָלט קומען נאָך זיי. איבערגעשניטן די קייט פון לעבן, די נעמען פאַרגעסן. ווער וועט געדענקען יאַנקל פליישמאַן, דעם יונגערמאַן מיט אַ סך געשמאַק פאַר עלעגאַנץ. און ווי שיין ער פלעגט טאַנצן. אָדער יאַנקל ראַזירער וועמענס גלוסטיקע אויגן האָבן נאָכגעקוקט די מיידלעך. צי שייקע קעניג, דער רבל פון שטעטל, וואָס פון זיינע רייד האָבן מיידלעך און ווייבלעך אין שטעטל אָפּט זיך פאַרויטלט. אַפילו יונגעלייט האָבן זיך געמאַכט ניט הערן, ווען שייקע האָט זיך צערעדט. אפשר פון כעס אויף דער וועלט, וואָס זיין מאַמע, די קרומע אלמנה ביילע־יענטע, מוז שטיין מיט קאַלך אויפן מאַרק און אַז גאָט האָט געהאָלפן ס'איז געקומען אַ רעגן, האָט דער קאַלך אָנגעהויבן זידן און פאַרוויסט איר פאַרשוואַרצט פנים.

און אַז מען דערמאָנט זיך אין קאַלך, שטעלן זיך פאַר די אויגן יהושע קאַלעכניק, נוימאַן, מיט זיינע זין און טאָכטער העניע־רבקה.

יזכור! נאָך דער משפחה ברילאַנטן, וואָס צוליב זייערע שאַרפע, בליציקע אויגן, שטאַמט אַוודאי דער צונאָמען. געהייסן האָבן זיי קאַפּלער. וואָס איז פון זיי געוואָרן?

ווו איז אַהין געקומען דער ראָטהויז, ווו זענען פאַרשוווּנדן די סעדעכעס, וועלכע האָבן דאָרט, צווישן די געוועלבטע זיילן פון באַראָק־סטיל, געגעסטיקט מיט זייערע מילטערס עפּל, באַרנעס און אַנדערע פרוכטן? וויי איז געווען צו דעם, וועלכער האָט אָנגעטאַפּט אַ פּרי און דערנאָך ניט געוואָלט זי קויפן. אַלע קללות פון דער תוכחה האָבן זיך אויף אַזאַ איינעם (צי איינער) אויסגעלאָזט. וואָס איז געוואָרן פון מלך נוסיעס ערדענע טעפּ? פון הענדזל גאָלדהירשס פעסער נעפּט? און וואָס איז געוואָרן פון דער ציכטיקער, קליינער קראָם פונעם איידעלן בחור מאָטל דיק?

---

* אין די זכרונות פון שלום קלינגער „דאָס רעליגיעזע לעבן", ווערט די דאָזיקע פאַסירונג געשיל־דערט אויף אַן אַנדערן אופן (רעד').

דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין שטעטל האָט זיך געדרייט אַרום דעם ראַטהויז. בערל איציק אליס מיט זיינע זעמל, די קליינע אויסגעצערטע טשאַרנע לייביש מלמדס מיטן קעסטל זייף. וואָס איז געשען מיט איציק כצס אייזן־קראָם, דער מושג פון איינקייט? און פון דער האַלב־ליידיקער קראָם פון מיין מומע רחל האַלפּערין? דערנעבן איז געשטאַנען דער בלעכער מיטן לייטאייזן. איך זע נאָך איצט מאַטל קרענקל מיט אירע לאַנגע צעפּ ביז דער קני, וועלכע ברענגט הייסע טיי איר טאַטן, צי זיידן מאָטל קרענקעל.

וואָס איז געשען מיטן ראַטהויז? האָט מען צעפּלינדערט די קראַמען, אַראָפּגעריסן דעם טורעם, צעאַקערט די ערד? וואָס עס זאָל ניט האָבן פּאַסירט, וועט דער גייסט פון ישראל ליבסטער קיינמאָל ניט אָפּטרעטן פון דאָרט. דוכט זיך, אַז נאָך היינט פּראַוועט ער זיינע שיינע שבתים און זינגט זמירות מיטן הוסיאַטינער ניגון. אין דעם גרויסן זאַל פון זיין שענק האָבן אַ סך כאַראַסטקאָווער כלהס חתונה געהאַט, דער רוב ציוניסטישע פאַר־זאַמלונגען האָט מען דאָרט אָפּגעהאַלטן און די טאַנץ־אָוונטן פון אונדזער יוגנט האָט מען אויך דורכגעפירט אין דעם זאַל.

ביי אים אין שענק האָב איך צום ערשטן מאָל אין לעבן געזען אַ לעבעדיקן פּאָעט — בנימין רעסלער פון קאָפּיטשיניעץ. ער האָט געטראָגן אַ פּעלערינע און אַ ברייטן, פּאָעטישן קראַוואַט. אַרום אים האָבן זיך געדרייט שלמה פּאַסטערנאַק, רויזאַלע הירש, האַניע גלאַזנער. פּעפּי שטיין. ביי יעדער געלעגנהייט דערמאָן איך זיך דעם ציטער, וועלכן כ׳האָב דעמאָלט איבערגעלעבט.

*

ווער געדענקט מאָטקעלע טענענבוים, דער „משוגענער“, וועלכער האָט אַלע חכמות פון דער וועלט געברענגט קיין כאָראָסטקאָוו? און ווער קען פאַרגעסן מיין ברודער ישראל פּעפּער, וואָס די לאַנגע האַנט פון מלכות האָט אים נאָכגעיאָגט אַזש ביז פראַנקרייך, ווו ער איז געפאַלן אַלס קעמפער אין דער דאָרטיקער אונטערגרונט־באַוועגונג איין טאָג פאַר דער באַפרייאונג?! אויפן בית־הקברות אין ליאָן שטייט אַ קליינע מצבה אויף זיין קבר. ניט דער שפּרייז פון יאָרן, ניט דער גלייכגילטיקער גאַנג פון דער צייט, ניט דער גרויזאַ־מער טויט, אַפילו ניט די אייביקייט — זענען ניט אימשטאַנד צו פאַרמינערן דאָס אָרט זיינס אַלס מענטש פון אידעאַלן, העראָיזם, זיין שטרעבונג צו ענדערן דעם גאַנג פון דער געשיכטע, בייטן דעם גורל פון אַלע אונטערדריקטע — מיין ברודער ישראל פּעפּער!

מיטן זעלבן ווייטיק זאָל אויך דערמאָנט ווערן אברהם חיים פּעפּער — ניט קיין קרוב, נאָר אַ פריינד. געווען איז ער אַלעמענס פריינד, אַ מין יידישער „ראָבין האָד“. אומעטום זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים, אַ פאַרמיטלער צווישן אָרעם און רייך, צווישן פרומע און אויפגעקלערטע, צווישן פּשוטע יידן און געלערנטע. געבענטשט מיט מוסקולן ווי אַ ריז און — אַ קינדערישן שמייכל, מיט אַן איינגעבוירענעם חוש פאַר גערעכטיקייט. ווי

אַ שומר געוואַכט איבער זיין שטאָט יידן. מיט דער פּויסט און גוטן וואָרט פאַרטיידיקט די אַלע, וועלכע האָבן זייער שטעטל ניט געקענט אַליין באַשטיין... אַפילו די גוישע תקיפים האָבן זיך גערעכנט מיט אַבראַמקען, געקלאַפּט אים אין פּלייצע און געזאָגט „נאַש בראַט״!

אויך יאָסי דער קרומער (האָכמאַן) איז געווען אַזאַ מין „נאַש בראַט״ מיט די אַרומיקע פּויערים. אין זיין טאַטנס מיל זענען זיי אַלע געקומען פון די אַרומיקע דערפער זייער תבואה מאָלן. אָבער דער דאָזיקער זכות איז ניט בייגעשטאַנען זיין איינציקער טאָכטער. 12 יאָר איז דאָס קינד אַלט געווען, ווען אַ צעיושעטער אוקראַאינער צי פּאָליאַק האָט זי פון בונקער אַרויס געשלעפּט. געשען איז עס אין אַ פרילינגדיקן זונטיק, קורץ פאַר דער באַפרייאונג. קיין דייטשן זענען דערביי ניט געווען. דער פּאָגראָמשטשיק האָט דעם מיידל פאַרוואָרפן אַ שטריק אויפן האַלדז און זי אַרויס געפירט אויפן מאַרק, ווו עס האָט זיך באַוויזן דער המון, וועלכער איז נאָר וואָס אַרויס פון קלויסטער, נאָכן גאָטעסדינסט. דער עולם האָט אַרומגעשטעלט דעם קרבן, וועלכער האָט זיך געבעטן: „לאָזט מיך לעבן, גוטע מענטשן... איך האָב פאַרלאָרן מיין טאַטע־מאַמע, אַלע מיינע נאָענטע. איר האָט דאָך זיי געקענט — מיין פאָטער, דעם זיידן, אפשר אויך דעם עלטער־זיידן״. זי האָט גערעדט אַ גוטן אוקראַאיניש, אָבער קיין איין העלפנדיקע האַנט האָט זיך ניט אויסגעשטרעקט צו איר. אמת, אַ טייל פויערטעס האָבן געכליפּעט, געשנייצט די נעז אין די זונטיקדיקע פאַר־טעכער און זיך צוגעקוקט ווי די האַנט פונעם רוצח טונקט זיך אין דעם קינדס בלוט...

*

...געווען אַ שטעטל וואָס האָט געלעבט, פּולסירט און וויברירט מיט אַלטע און נייע שטראָמען. אָט לאָזן זיך חסידים אין אַ טאַנץ. זייער צעפלאָשעטע רויטע בערד באַוועגן זיך צום טאַקט פונעם פייערדיקן ריקודל, אויך די פון אונטן פאַרשטעקטע רויטע פאַ־טשיילעס אין די קאַפּאָטעס טאַנצן מיט. איינציקע פון זיי האָבן געפּאַסט יעדער מאָנטיק און דאָנערשטיק, געשלייכט זיך ביי די ווענט ווי שאָטנס און געגלייבט, אַז מיט דעם דערנענטערן זיי ימות־המשיח.

געווען אַ שטאָט — און מער נישטאָ!

איך בין זיכער, אַז יעדער פרילינג גיבן די זשאַבעס דעם זעלבן קאָנצערט, וועלכן איך פלעג הערן דורכן אָפענעם פענצטער, ווייל כ׳האָב געוווינט ניט ווייט פונעם טייכל. אַז די לופט איז פאַרשיכורט פון דעם בעז און אַקאַציע — אָבער יידישע לונגען אָטעמען זיי ניט מער.

זאָל איך שעלטן די גאָלדענע ווייצן־פעלדער וואָס כוואַליען זיך פאַרטייעטע אין די הייסע זומער־טעג? זאָל איך שעלטן די שוואַרץ־פעטע ערד, וועלכע איז אָנגעזאַפּט מיט אומשולדיק פאַרגאָסן יידיש בלוט? די ערד פון מיינע עלטערן, ווו כ׳האָב מיינע ערשטע שיך אויסגעטראָטן, מיין מאַמען קובר געווען, ווו מיין וויגל איז געשטאַנען? ווו דאָס ליד

פון מיין מאַמען — און פון אַלע יידישע מאַמעס — האָט דערציילט וועגן צוגעזאָגטן לאַנד, געוועקט און דערנערט די בענקשאַפט נאָך ירושלים, די הייליקע שטאָט און דעם הייליקן לאַנד?

יזכור נאָך אייך, כאָראָסטקאָווער יידן!...

# כאָראָסטקאָוו ביי די סאָוויעטן

## יצחק קעסלער / **חולון**

צום ליכטיקן אָנדענק פון מיינע אומפאַרגעסלעכע
עלטערן — משה און טשאַרנע קעסלער ז"ל.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 זענען מיר אַלע פאַרציטערט געוואָרן, דערהערנדיק אין ראַדיאָ וועגן דייטשן איבערפאַל אויף פוילן און דאָס באָמבאַרדירן אירע שטעט. דעם זעלבן טאָג האָט מען אויך אין אונדזער שטעטל געהערט לופט־אַלאַרמען, נאָר אַזוי ווי קיין קעלערן און בונקערס זענען ניט געווען, איז מען געלאָפן צום טייך זוכן שוץ... אין עטלעכע טעג אַרום איז כאָראָסטקאָוו באָמבאַרדירט געוואָרן. די בהלה צוליב דעם איז געווען זייער גרויס. עס באַווייזן זיך אַ סך פּליטים פון מערב־פוילן. צווישן די פּליטים — באַקאַנטע שרייבער, קינסטלער, אַרטיסטן, זשורנאַליסטן. אויך די איינוווינער פון כאָראָסטקאָוו האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און זיך לאָזן צו דער רומענישער, אָדער רוסישער גרענעץ.

שבת אָוונט האָבן איבערן שטעטל זיך באַוויזן עטלעכע מאָל עראָפּלאַנען, אָבער ניט באָמבאַרדירט. די יידן האָבן מיט פּחד און זאָרג געוואַרט אויפן אַריינמאַרש פון די דייטשן. צומאָרגנס, דעם 17טן סעפּטעמבער, האָבן זיך גאָר באַוויזן... רוסישע טאַנקען. ווי ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעשטעלט, איז די רויטע אַרמיי אַריבער די פּוילישע גרענעץ. ווי נאָר זיי זענען אַריין אין שטעטל, האָבן די סאָלדאַטן פאַרטיילט פלוגבלעטלעך: "מיר זענען געקומען באַפרייען די באַפעלקערונג פון פּוילישן יאָך".

איצט זענען יידן אַרויס פון די קעלערס און באַהעלטענישן, געפרייט זיך וואָס די רוסן זענען געקומען, אַנשטאָט די רוצחישע דייטשן. מען האָט אַפילו געקושט פאַר פרייד די פאַרשטויבטע סאָוויעטישע טאַנקען. ווייל אין יענע טעג איז מען געווען איבערצייגט, אַז די רויטע אַרמיי האָט ניט נאָר געראַטעוועט די יידן פון די דייטשישע מערדערייען, נאָר קודם כל — פון די אוקראַינישע פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע האָבן פון לאַנג שוין געשאַרפט זייערע מעסערס. און ווירקלעך: אויפן צווייטן טאָג זענען פון די אַרומיקע דערפער געקומען פויערן, באַוואָפנט מיט העק, זעגן, לאָפּעטעס און מעסערס, כדי רויבן און מאָרדן און בכלל אַ הוליע געבן איבער דער יידישער באַפעלקערונג.

אַז די נייע מאַכט האָט זיך איינגעשטעלט, האָבן יידן אָנגעהויבן פילן אַ דרוק אויף זייערע טוערס, ספּעציעל די ציוניסטישע. סוחרים האָבן געלעבט אין שרעק וועגן גורל פון זייערע געשעפטן, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן זיך טאַקע פאַרמאַכט און אין שטעטל האָט מען אָפט געזען לאַנגע רייען פון מענטשן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן קויפן די סאַמע לעבנסוויכטיקע אַרטיקלען.

בעלי־מלאכות האָבן זיך אָרגאַניזירט אין קאָאָפּעראַטיוון, דאָקטוירים האָבן געפונען באַשעפטיקונג אין ניי־געעפנטן שפּיטאָל, אין פּאַלאַץ פון גראַף סימינסקי. לערער האָבן געלערנט אין די שולן און פאַר יוגנט זענען געעפנט געוואָרן קורסן און סעמינאַרן פאַר בוכהאַלטערס, לערערס, קראַנקן־שוועסטערס. כמעט אַלע האָבן געהאַט אַרבעט, אויך סוחרים האָבן זיך געשאַפן קאַרטעלן.

אין יענע טעג האָבן אַ סך פּליטים זיך פאַרשריבן צוריק צו פאָרן אין די געביטן, אָקופּירטע דורך די דייטשן. אַ געוויסע נאַכט זענען די רעגיסטרירטע, אונטער אַ שטרענגער וואַך, אַוועק געפירט געוואָרן אין... טיף רוסלאַנד. אַ דאַנק דעם לעבט היינט דער רוב פון זיי אין ישראל, אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

דער פּחד פון די כאָראָסטקאָווער יידן פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר, איז געווען אַן אומזיסטיקער. קיין איינער פון אונדזעריקע אין שטעטל איז ניט פאַרשיקט געוואָרן. אויסער די געוועזענע געהיים־אַגענטן פון דער פּוילישער פּאָליציי און אמתע פאַרברעכער.

געווען געוויסע עלעמענטן, וועלכע האָבן פאַרשאַפט צרות די ציוניסטישע טוער, ספּעציעל די פון די יוגנט־באַוועגונגען. צום גליק, איז קיינעם קיין שלעכטס ניט געשען. גרופּן יוגנטלעכע פלעגן זיך צונויפטרעפן און דערביי ניט פאַרלוירן די האָפענונג צו פאַרווירקלעכן זייערע טרוימען און צילן, פאַר וועלכע מ׳האָט געקעמפט ביזן אויסברוך פון קריג. מיר זענען אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער ציוניסטישער יוגנט־אינסטאַנץ אין ווילנע. נאָר דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט.

דעם 22סטן יוני 1941 איז היטלער־דייטשלאַנד באַפאַלן רוסלאַנד. ערשט דעם 1טן יולי האָבן די סאָוויעטן אָנגעהויבן זייער עוואַקואַציע פון כאָראָסטקאָוו, נאָכן הערשן אין דעם שטעטל אין פאַרלויף פון 20 חדשים. אַ קליינער טייל יוגנט האָט זיך געראַטעוועט מיט דער אָפּטרעטנדיקער רויטער אַרמיי און אַדמיניסטראַציע. אַן אַנדערער טייל איז נאָך געהאַט פריער מאָביליזירט געוואָרן. אָבער דער רוב ידישע איינוווינער איז געבליבן. איידער די דייטשן זענען אַריין קיין כאָראָסטקאָוו און דאָ איינגעשטעלט זייער רעזשים פון ווילדעסטן טעראָר און מאָרד, האָבן די אוקראַאינישע באַנדעס זיך געלאָזט ווילגיין איבער דער ידישער באַפעלקערונג. דערנאָך האָבן זיי שוין געהאָלפן די דייטשן אומברענגען די יידן אין כאָראָסטקאָוו.

כבוד דעם אָנדענק פון די קדושים!

# ערשטער בריוו וועגן חורבן

## מאַטילדע קרענקעל־גאָלדפּליס

איבערגעדרוקט פון אַ יידישער צייטונג אין אַרגענטינע, נאָך דער באַפרייאונג. איבערגעגעבן צום דרוק פון וו. יאַקאָבסאָן.

דער בריוו פון כאָראָסטקאָוו, פון מאַטילדע קרענקעל, איז אַ שרעקלעכע אָנקלאַגע קעגן די אוקראַינער אין גאַליציע, וועלכע האָבן זיך ניט נאָר געפרייט מיט די דייטשע פּאָגראָמען, נאָר האָבן אויך אין זיי אַליין אָנטייל גענומען. און דער איינציקער ווונטש פון דער בריוו־שרייבערין איז — אַוועק צו פאָרן פון כאָראָסטקאָוו. די שטאָט און די יידן האָבן אַן אויסזען ווי אַ בית־עולם און זי קאָן ניט קוקן אויף די גוים.

דעם בריוו האָט באַקומען יצחק־מאיר מאַרגוליעס פון אַרומבאַ, האָלענדיש אינדיע — אַ שוואָגער פון מאַטילדאַ קרענקעל. זי שרייבט, ווי גליקלעך וואָלט זי געווען, ווען זי קען פון דאָרט אַנטלויפן און זיין צוזאַמען מיט אים.

און אַ טרויעריקן גרוס גיט זי אויך אָפּ פון קאָפּיטשיניעץ. פון די טויזנטער יידן פאַרן קריג, זענען דאָרט איצט געבליבן ניט מער ווי 80 יידן.

און אָט איז איר בריוו:

„פיל געליבטע שוועגערין און שוואָגער,

איך קאָן אייך מיטטיילן, אַז איך מיט מיין יינגסטער שוועסטער חוהטשע זענען פאַר־בליבן פון דער גאַנצער פאַמיליע. און מיין ליבער מאַן פרידל לעבט אויך ניט. ער איז געווען 11 מאָנאַטן אין אַ לאַגער, אויף צוואַנגס־אַרבעט. ער האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ פאַר־מעגן, ביז איך האָב אים אויסגעקויפט פון לאַגער. נאָך דעם האָב איך מיט אים געלעבט 3 חדשים. שפּעטער איז ער דורך די דייטשן פאַרכאַפּט געוואָרן קיין קאָפּיטשיניעץ.

פון גאַנץ כאָראָסטקאָוו זענען פאַרבליבן אַרום 30 פּערזאָן. איצט זענען שוין עטלעכע מענער געגאַנגען אין רוסישן מיליטער. מיט אונדז איז איטשע גאָלד־פליעס. אויך ער איז איינער. אברהם־חיים פּעפּער איז אויך איינער פאַרבליבן. פאַנטשע גאָלדהירש, יאָסלס טאָכטער, איז אויך איינע געבליבן. פון אונדזערע קרובים און באַקאַנטע איז קיינער ניט פאַרבליבן.

ליבע מאַנטשע! ווען איך וועל קריגן דיין ענטפער, וועל איך דיר באַשרייבן מיינע איבערלעבונגען. עס איז אַפילו אוממעגלעך אַלץ צו באַשרייבן, אַפילו איין פּראָצענט. איצט קאָן איך אָבער גאָרניט שרייבן, ווייל מיינע נערוון זענען נאָך ניט רואיק. איך האָב איבערגעלעבט 9 אַקציעס. דאָס הייסט — 9 שחיטות. די לעצטע 4 חדשים זענען מיר

געוועז באַהאַלטן ביי אַ פויער. די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט פון די מערדערס. אין איין טאָג האָט מען אין קאָפּיטשיניעץ געכאַפּט 2 500 יידן און זיי הינטערן וואַלד אויס־געשאָסן. יעדער האָט זיך געמוזט אויסטאָן ביז נאַקעט און אַריינשפּרונגען אין גרוב. דערנאָך האָט מען אים געשאָסן. די קליידער איז זיי געווען אַ שאָד צו פאַרדאַרבן. די יידישע קליידער האָבן זיי אַוועק געשיקט קיין דייטשלאַנד און אַ ביסל האָבן די גוים צוגענומען. ווען עס איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם, האָבן די גוים זיך געפרייט. זיי זענען געגאַנגען איבער די יידישע הייזער און צוגעראַבעוועט די זאַכן. און אַז זיי האָבן געפונען אַ יידן, האָבן זיי אים איבערגעגעבן די דייטשן, אָדער דער אוקראַאינישער מיליץ.

אין קאָפּיטשיניעץ זענען געבליבן 80 מענטשן. פון עטלעך איז קיינער נישטאָ. פון דער משפחה דיך — אויך ניט. נאָר מוניע איז געווען אין רומעניע, אין געפאַנגענשאַפט. אונדזער זוניע איז אין רוסלאַנד, אין מיליטער, זינט 1941. אפשר לעבט ער דאָרט ערגעץ. פון רוסלאַנד זענען שוין אָנגעקומען אַ סך בריוו פון די וועלכע זענען אַהין אַנט־לאָפן אין יאָר 1941 און פון די וועלכע זענען געגומען געוואָרן אין מיליטער.

וווינט נאָך חוהטשע גערסטענבליט אין דער זעלבער שטאָט מיט דיר? פון איר פאַמיליע איז אויך קיינער נישטאָ, נאָר די שטוב שטייט נאָך. פון דער גאַנצער שטאָט זענען געבליבן אפשר 10 שטיבער. אונדזער שטוב איז אויך דאָ. אפשר ווייסטו די אַדרעסן פון איזיע גערסטענבליט און יעטקע — שיק זיי מיר.

ליבע מאַנטשע! ווי גליקלעך איך וואָלט געווען, ווען איך קאָן אַוועק פאָרן פון כאָ־ראָסטקאָוו. די שטאָט, אָן די יידן, האָט אַ פּנים פון אַ בית־עולם. איך קאָן ניט קוקן אויף די גוים. מיר זענען געבליבן אין איין העמד און אין איין קלייד. אַלץ האָבן זיי ביי אונדז צוגענומען. אַ קריסטין האָט מיר געגעבן אַ העמד. אפשר קאָן מען שיקן פּאַקעטן? שרייב צו איזיע גערסטענבליט, אַז ער זאָל אונדז עפּעס שיקן.

ליבע שוועגערין מאַנטשע! ווי גליקלעך איך וואָלט געווען, ווען איך זאָל קאָנען זיי מיט דיר צוזאַמען. וואָס מאַכט איר, זענט איר געזונט? וואָס מאַכט די ליבע טאָכטער ראָזאַ?

איך ענדיק, ווייל איך האָב שוין מער קיין געדולד. זייט געזונט און ענטפערט וואָס שנעלער".

# מיינע איבערלעבונגען ביי די דייטשן

## שמעון קאַהאַנע

(באַשריבן פון אַ 10יאָריק קינד, צוויי יאָר נאָך דער באַפרייאונג.
פון יוו״אָ־אַרכיוו).

.18.3.1947

אין 1940, ווען די דייטשן זענען אַריין צו אונדז אין שטעטל, האָבן מיינע עלטערן און איך אַ סך געליטן. איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין קינד, 3 יאָר אַלט. איך האָב נאָך ניט פאַרשטאַנען צי מען דאַרף מורא האָבן פאַר די דייטשן. ווען ס׳איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם, איז מיין מוטער אַנטלאָפן מיט מיר אין אַ בונקער, וווּ עס האָבן זיך געפונען אַ פופציק מענטשן. דאָרט איז געווען פינצטער. מ׳האָט ניט געטאָרט וויינען. אַ סברה, אַז מ׳האָט אונדז אַנטדעקט צוליבן וויינען פון די קינדער, וועלכע זענען דאָרט געווען אין אַ צאָל פון פינף. די דייטשן האָבן אַלע אַרויסגעטריבן פון בונקער, נאָר אונדזביידע און נאָך צוויי מענטשן איז געלונגען צו בלייבן אינעווייניק, ווייל מיר זענען געווען פאַרשטעקט אין אַ סך בעטגעוואַנט. אַזוי זענען מיר ניצול געוואָרן.

אין דעם בונקער זענען מיר געווען 6 חדשים. קיין ביסל מילך האָב איך ניט געהאַט, מיין מוטער האָט מיך דערנערט מיט קאַרטאָפל־שאָלעכץ און אַ ביסל וואַסער. דערפאַר בין איך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. איך געדענק, ווי מיין מוטער איז געזעסן אויפן בעט און שטאַרק וויינענדיק, מיר געווישט מיט אַ נאַס טיכל מיינע פאַרטרוקנטע ליפּן און דעם צעהיצטן שטערן. אַלץ אין מיר האָט געברענט און מיין מאַמע האָט ניט געהאַט מיט וואָס מיר דאָס האַרץ צו דערקוויקן. אַזוי האָט מיר גאָט געהאָלפן, אַז היטלערן צו להכעיס בין איך געזונט געוואָרן, נאָר אויף די פיס ניט געקענט זיך שטעלן. אַזוי האָט געדויערט 4 וואָכן.

איצט באַשרייב איך אייך ווי אַזוי מיר זענען אַרויס פון קעלער. געשען איז עס אין אַ פינצטערער נאַכט, אין צווייטן טאָג שבועות. מיר דערהערן געשרייען און דערזען ווי אונדזער קעלער ברענט. אַנטלויפן פון דאַנען האָט מען ניט געקענט, ווייל דער בונקער איז געווען אַרום געקלאַפּט מיט ברעטער און אוקראַינישע פּאָליציאַנטן האָבן געהיטן די באַהעלטע־ניש, אַז קיינער זאָל פון דאָרט ניט אַנטלויפן. נאָר אַזוי ווי ס׳איז דאָ אַ גוטער גאָט אויף דער וועלט און מיר האָבן באַדאַרפט בלייבן לעבן, האָבן פאַרטיזאַנער אין וואַלד דערזען די שריפה און זיי זענען געקומען צו לויפן און פאַריאָגט די דייטשן מיט די אוקראַינער. אַ 50 מענטשן איז דעמאָלט געלונגען זיך צו ראַטעווען — און מיר צווישן זיי. שפּעטער

האָב איך דערהערט, אַז אַ 2000 יידן זענען דעמאָלט פאַרברענט געוואָרן. מיר זענען אַנט־לאָפן אין וואַלד און דאָרט אָפּגעוווען גאַנצע 3 יאָר. נאָר די שרעק, הונגער און צרות וואָס מיר האָבן געליטן, קען איך ניט באַשרייבן. נאָר דאַנקען גאָט וואָס אונדזער גאַנצע פאַמי־ליע איז לעבן געבליבן. איצט בין איך אַ ווילער בחור, לערן מיך זייער גוט העברעיש און חשבון און נאָך אַנדערע זאַכן. עס לערנט מיך זייער אַ גוטע מורה, איר נאָמען איז פאַלעווסקאַ. מיין נאָמען איז שמעון קאַהאַנע, מיין פאָטערס נאָמען — שמואל קאַהאַנע, מיין מוטער — שרה, מיין שוועסטער —שושנה. מיר זענען פון כאָראָסטקאָוו ביי טאַרנאָפּאָל.

## יאָרן פון ליידן, פיין און געראנגל

צפורה (פאַניע) קיפּערמאַן / הרצליה

(באַאַרבעט און איבערזעצט פון פויליש לויט די גביית־עדות אין „יד ושם", תל־אביב, נומ' פ־1505/128, ווי אויך פון פערזענלעכע זכרונות).

### וועגן זיך, דער משפחה און דעם שטעטל

איך שטאַם פון דעם קליינעם שטעטל כאָראָסטקאָוו (טאַרנאָפּאָלער וואָיעוואָדסטווע). מיין פאָטער, זישע פינק, איז אומגעקומען אין עלטער פון 43 יאָר. געווען אַ פרומער ייד, אָבער ניט קיין פאַנאַטישער, געהאַט אַ שניט־געשעפט (געשטאַמט פון בוקאָווינע). מיין מוטער בלימע האָט געשטאַמט פון דער משפחה האַרמעלין. אונדזער היים איז געווען אַ געוויסע פאַרגעשריטענע, הגם געפירט אין נאַציאָנאַל־רעליגיעזן גייסט. פון די דריי שוועס־טערס (פנינה־פושא און עטקא), בין איך געווען די עלטסטע. פון דער פינק־פערזאָניקער משפחה בין איך בלויז געבליבן לעבן.

אונדזער שטעטל איז געלעגן 16 קילאָמעטער פון קאָפּיטשיניעץ, געהאַט אַן ערך 2 און אַ האַלבן טויזנט איינוווינער. דער רוב — יידן, אַ געוויס גרויסע צאָל אוקראַינער און אַ ביסל פאָליאַקן. דאָס שטעטל איז געווען באַרימט פון די מאָנטיקדיקע יאַריד־טעג, וועלכע האָבן געגעבן יידן פרנסה פאַר אַ גאַנצער וואָך. אין אַלגעמיין זענען די יידן געווען רעליגיעז, ס׳האָט אָבער אויך נישט געפעלט קיין אינטעליגענץ. מיר האָבן פאַרמאָגט אַן אייגענעם דראַמאַטישן קרייז און אַ ביבליאָטעק פון 8000 ביכער.

אויף דער ציריליווקער גאַס, ווו איך האָב געוווינט, זענען אַלע הייזער געווען ענלעך איינס צום אַנדערן: נידעריקע, געדעקט מיט גאָנטעס (שינדלען). אַנטקעגן דער צערקווע זענען געווען עטלעכע גרעסערע בנינים: דער פּאָליציי־פּאָסטערונעק, דער „סאָקול“־זאַל. אויך זענען געווען אַ ביסל שיינע הייזקעלעך, מיט שיין געפּלעגטע גערטנער. דאָס האָט געהערט צו דער עליטע פון דער שטאָט. דאָרט האָט געוווינט ד״ר ווישעוויצער. ער איז אומגעקומען בעת דער ערשטער אַקציע, צוזאַמען מיט זיין פרוי. זיין זון לעבט אַלס קריסט. דאָרט האָט אויך געוווינט דער אַפּטייקער. ער איז געשטאָרבן נאָך פאַר דער מלחמה. זיין משפחה איז לעבן געבליבן אַלס „אַריער“. זיי זענען געווען אַסימילירט, נאָר ביי די דייטשן זענען זיי געווען יידן ווי אַלע אַנדערע. די קריסטן האָבן דאָס ניט געקאָנט פאַרשטיין. געוווינט האָט דאָרט אין אַ הייזל א. גלאַזמער, אַ ייד אַ גביר, די קינדער האָבן שטודירט. ער איז אומגעקומען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע בעת דער ערשטער אַקציע.

אין גאַס, ווו עס איז געווען די רויטע בריק, האָבן זיך געפונען די הייזלעך פון די בעלי־מלאכות. דאָרט האָט געוווינט משה וועבער מיט זיינע זין. ער איז געווען אַן איידעלער מענטש. אַ פריינד פון הרב משולם ראָט. געהאַט שנירן און איידעמס, איידעלע מענטשן. געלעבט בכבוד. ביי זיין איידעם, אַ קונסט־פאָטאָגראַפּיסט, האָט מען געמאַכט די בילדער פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

עס זענען ביי אונדז געווען: הנוער הציוני, השומר הצעיר, התאחדות. אַ שיינע ביבליאָטעק, וואָס האָט „געשמעקט מיט סאָציאַליזמוס“. דער באַשטעלער פון די ביכער איז געווען טענענבוים, אַ קעמפער פאַרן קאָמוניזם.

די קהילה האָט אויסגעהאַלטן אַ העברעישן לערער פאַר דער „תרבות“־שול. די קהילה, די שול, הנוער הציוני און התאחדות, האָבן זיך געפונען אינעם בנין פון ראָטהויז, פון דער זייט גאַס, „די רויטע בריק“. אויף דער „האַלב־ניינער“ גאַס איז געווען די גרויסע שול, ווו איך, נאָר אַלס קינד, קומענדיק צוזאַמען מיט אַלע שילער, פלעג באַוווּנדערן די פרעסקטיקע מאָלערייען אויף די ווענט: די שבטים מיט זייערע אָפּצייכנס, די כותל־המערבי און אַנדערע. זיי זענען געווען זייער שיין געמאָלן. איך ווייס ניט ווען און ווער האָט דאָס געמאָלן. פאַר דער מלחמה האָט מען דאָס געענדערט, מאָדערניזירט: מער ליכט און אַנדערע קאָלירן. עס האָט אונדז אָבער באַנג געטאָן נאָכן אַלטן. די שול האָבן די דייטשן מיט די אוקראַינער צעשטערט.

אַנטקעגן דער שול איז געווען די גרויסע קלויז, ווו מיין מאַמע, בלימע פונק, פלעגט דאַווענען. אין די ימים־נוראים פלעג איך דאָרט קומען. אַלס קינד נאָך האָט מען מיך פון דאָרט געיאָגט, ווייל מיר האָבן געשטערט. עס האָט דאָרט געדאַוונט דער באַרימטער חזן יצחק, וועלכער איז אַ גאַנץ יאָר אַרומגעפאָרן, נאָר אויף די יום־טובים פלעגט ער אַהיים קומען. זיינע פּלאַטן הערט מען נאָך היינט. ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן נאָכן דאַווענען, דעם ערשטן טאָג ראש־השנה.

די גרעסטע פרייד מײַנע איז געווען ווען איך פלעג אָפט גיין מיטן טאַטן אין דער טשאָרטקאָווער קלויז. דאָ האָט געהערשט געהויבנקייט. מענטשן וואָס איך האָב זיי שטענדיק געזען מיט אַ שמייכל אויף דעם פּנים, מיט אַ געזאַנג אויף די ליפּן. דאָרט האָט מען זיך געפילט נאָענט מיט יעדן. געדאַוונט האָט דאָרט דער יונגער שוחט יאַנטשע, און ביז הײַנט געדענק איך נאָך זײַנע פּרעכטיקע ניגונים. טייל מאָל האָט דאָרט געדאַוונט פאַרן עמוד מײַן טאַטעס זיסיע פונק, יעגער קליגער, וועלכער האָט געהאַט אַ זייער שיינע שטימע. ער איז אויך געווען דער גבאי פון דעם קלויז. ער איז געווען זייער באַליבט ביי עמך, די טרעגערס, שוסטערס. זיי זענען שטענדיק געווען צוריק געהאַלטן, זיך ניט געקענט גלײַכן צו די יודעי־תורה. מײַן טאַטע מיט זײַן אײדעלער נשמה פלעגט קודם כל צו זיי צוגיין און זיי מכבד זײַן מיט משקה, און דערנאָך ערשט די מער בכבודיקע. אַזוי פלעגט ער זיך פירן, קיינעם ניט פאַרשעמען. ער האָט שטיל געהאָלפן, וועמען ער האָט נאָר געקאָנט.

עס איז אויך געווען אַ הוסיאַטינער קלויז און אַ בית־מדרש. ניט ווייט פון דאָרט האָבן זיך געפונען בעקערייען, קליטלעך. יעדער האָט געזוכט אַ ביסל פּרנסה, שווער געאַרבעט. נאָר ווען עס איז געקומען שבת, האָבן זיך די מענטשן געענדערט. דאָס שטעטל האָט געהאַט איר חן — ביז ס'איז אָנגעקומען די שוואַרצע כוואַליע פון היטלערן.

אין כאָראָסטקאָוו האָב איך געענדיקט די פאָלקס־שול („פּאָווסעכנע"), שפּעטער — די קלאַסיכאַנאָווס פאַך־שול אין לעמבערג. אין די אומרואיקע האַרבסט־טעג פון 1938, האָב איך זיך אומגעקערט אין מײַן געבורט־שטעטל. דער מלחמה־אויסברוך אין 39סטן יאָר האָט מיך געטראָפן אין דער היים. בעת דער סאָוויעטישער הערשאַפט (1939—1941) האָב איך געענדיקט די צענטע קלאַס און אַ לערער־קורס דערנאָך געוואָרן לערערין אינעם דערבייאיקן דאָרף משאַנעצ. אין אַלגעמיין האָט אין יענע צײַטן די יידישע יוגנט זיך גוט געפילט. בעתן אויסברוך פון דעם דייטש־רוסישן קריג, בין איך געווען אין כאָראָסטקאָוו. אין אַ וואָך אַרום, שבת, זענען די דײַטשן אַרײַן אין שטעטל.

## דײַטשן און אוקראַינער הייבן אָן פאַרפאָלגן די יידן

כאָראָסטקאָוו איז ניט איבערגעלאָזט געוואָרן די דײַטשן אָן אַ קאַמף. אין שטעטל זענען פאָרגעקומען פאַרביסענע שלאַכטן אין משך פון עטלעכע טעג, ווייל דאָס שטעטל האָט זיך געפונען אויף דער גרענעץ פון דער אייגנטלעכער אוקראַינע און מערב־אוק־ראַינע — דעריבער האָבן דאָרט די רוסן געשטעלט אַ העפטיקן ווידערשטאַנד. שוין אין ערשטן טאָג פונעם אַרײַנמאַרש פון די דײַטשן אין שטאָט, האָבן זיי אומגעבראַכט אַ סך מענטשן. מיר זענען געלעגן באַהאַלטן בעת די קאַמפן.

אונדזערע נאָענטסטע שכנים אויף דער הויפּט־גאַס, איז געווען די משפּחה גאָלדפליס.

אַ ביסל ווייטער פון זיי האָט געוווינט די אוקראַינישע פאַמיליע וואַראַנאַ. די דייטשן זענען אַריין צו די גאָלדפּליס׳ (אַריינגעפירט האָבן זיי אוקראַינער) און געוואָלט רויבן. גאָלד־פּליס׳ שנור האָט זיך קעגנגעשטעלט, די מענער זענען געלעגן באַהאַלטן. האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט פאַרן הויז די פרויען און קינדער, זיי דערשאָסן און באַפוילן זיי קובר זיין אויפן אָרט. די זעלבע דייטשן זענען אַריין צו אונדז אין הויז, אָבער קיינעם נישט געזען.

יעדער שבת האָבן די דייטשן אַדורכגעפירט מאָרדן און פּאָגראָמען, מיטן אָנטייל פון אוקראַינער. די לעצטע זענען געווען גרעסערע סאַדיסטן פון די דייטשן, וועלכע זענען בלויז פאַרבייגעגאַנגען דאָס שטעטל. די אוקראַינער האָבן געהערט צו די שטענדיקע תושבים און אַלעמען געקענט. זיי פלעגן די יידן אויסשמוצן מיט פערדישן אָפּפאַל און מיט די אומריינקייטן פון שטאַל, שטאַרק גערודפט און געשלאָגן.

אַ צוויי וואָכן נאָכן פאַרנעמען כאַראָסטקאָוו דורך די דייטשן, האָבן די אוקראַינער דורכגעפירט אַזאַ פּראָוואָקאַציע: קודם כל האָבן זיי צונויפגעזאַמלט אונטערשריפטן ביי אוקראַינישע בעלי־בתים, אַז מען זאָל די יידן אויסמאָרדן. מיט אַזאַ „פּעטיציע״ האָבן זיי אַ געוויסן זונטיק, ווען די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזט דעם קלויסטער און צערקווע נאָכן געבעט, געכאַפּט אַ 20 עלטערע יידן, געגעבן זיי אין די הענט רויטע פענער, בילדער פון לענין און סטאַלין און באַפוילן דעמאָנסטרירן איבער דער שטאָט. דערביי האָבן זיי געמוזט זינגען דאָס פּאָפּולערע רוסישע לידל „מאַגוטשאַיאַ, קיפּוטשאַיאַ״... אַ גרופּע פּויערים און עטלעכע אוקראַינישע פּאָליציאַנטן האָבן אַרומגערינגלט די יידן און זיי געוואָלט ממיתן אויפן אָרט. מיט אַ מאָל האָבן זיך באַוויזן עטלעכע דייטשן, וועלכע האָבן בכלל נישט געוווסט וואָס דאָ קומט פאָר. די אוקראַינער זענען געווען זיכער, אַז די דייטשן וועלן באַפעלן שיסן די יידן אויפן אָרט. געשען איז אָבער עפּעס אַנדערש. אַן אָפיציר פון דער דייטשער „שוץ־פּאָליציי״ האָט צומערשט געפרעגט: „וואָס איזט דאָס?״, האָבן די אוקראַינער געענטפערט: „קאָמוניסטן, קאָמוניסטן״. איינער פון די יידן האָט אָבער אין אַ גוטן דייטש דערקלערט דעם אָפיציר, אַז מען האָט געטריבן צו דער דעמאָנ־סטראַציע מיט כוח — און דער דייטש האָט זיי באַפוילן גיין אַהיים.

קיין פּאָגראָם, ווי די אוקראַינער האָבן אויסגערעכנט, איז נישט געווען. אָבער יידן זענען אַ געוויסע צייט נישט אַרויס אין גאַס. אין אַ וואָך אַרום האָט מען איינגעפירט צו טראָגן ווייסע אָרעמבענדער מיט אַ בלויען מגן־דוד. עס איז אַנטשטאַנען אַ יודענראַט און אַ יידישע פּאָליציי.

דער אָבערבאַנשטורמפירער אָטטאָ האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די יידן. ער האָט באַשטימט גרויסע קאָנטריבוציעס, קאָנפיסקירט יידישע פאַרמעגנס. אין דעם האָט אים געהאָלפן דער יודענראַט. שמואל קיממעל, דער פּרעזעס, פלעגט שרייען: „איך וועל נישט געבן פאַר אייך מיין קאָפּ... גיט אים אַליין!״. ער האָט טריי אויסגעפירט אַלע דייטשע באַפעלן און פאַראָרדענונגען.

צו יענער צייט האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין פּראָדוקטן און תבואה. עס איז געווען שלעכט, אָבער פאַרהעלטנישמעסיק רויִק. קיין געטאָ איז נישט געשאַפן געוואָרן. יעדער האָט געוווינט אין זיין דירה. איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין אַ פּאָלוואַרק אין אזווישלע, וואָס האָט אַמאָל געהערט צום גראַף פּנינסקי און איז קאָנפיסקירט געוואָרן דורך די סאָוויעטן. איצט האָבן דאָס גיט פאַרנומען די דייטשן. נאָכגייענדיק נאָכן קאָמביין, האָב איך געגנבעט אַ ביסל קערנער פון גערשטן און זיי געבראַכט אַהיים.

## אין אַרבעטס־לאַגער סטופּקי

אָקטאָבער 1941 האָט דער יודענראַט פונאַנדערגעשיקט צעטלען וועגן צושטעלן זיך צו צוואַנגס־אַרבעט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין פּראָטעקציע ווי אַנדערע — און דער טאַטע האָט געמוזט גיין. דאָס איז געקומען אַזוי אומגעריכט. די אומגליקלעכע האָט מען מיט נאַהייקעס געטריבן אין די וואַגאָנען. אַ טייל איז פאַרשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין דאָרף קאָמיאַנקי, אַנדערע ווידער — אין דאָרף סטופּקי (68 קילאָמעטער פון כאַראָסט־קאָוו). צוויי מאָל אין וואָך האָב איך אין די קאַלטע טעג געפירט דעם טאַטן עסן אין לאַגער. געפאָרן אַהין זענען מיר אויף שליטנס. איין מאָל בין איך ביינאַכט, אונטער סקאַלאַט, שיעור נישט פאַרפרוירן געוואָרן. מ׳האָט מיך קוים אָפּגעראַטעוועט.

אין לאַגער האָבן זיך געפונען אַרום 120 יידן. אַזוי ווי קיין רציחות זענען נישט פאָרגעקומען, האָט עס געהייסן, אַז אין אַזאַ לאַגער איז ניט שלעכט. געאַרבעט האָט מען ביי דער באַן־ליניע, אויף די שאָסייען, אין די שטיינהאַקערייען. אָנגעפירט האָט אַן ס.ס.־אָבערשאַרפירער, וואָס זיין נאָמען געדענק איך נישט. ער האָט זיך נישט ספּעציעל אָפּגע־געבן דעם לאַגער. אָרדענונג האָבן דאָרט געהאַלטן אוקראַינישע פּאָליציאַנטן און יידישע אָרדנער. איינעם פון זיי, דעם ייד קרייסלער פון טשערנאָוויץ (בוקאָווינע), געדענק איך גוט, ווייל ער האָט געשלאָגן און געפּייניקט די יידן. אויף מיין פֿראַגע, ווי אַזוי קען ער שלאָגן אייגענע ברידער, האָט ער געענטפערט ציניש: „ווען איך שלאָג זיי נישט, וואָלטן זיי מערער געפאַלן ביי זיך"... בעתן ליקווידירן דעם לאַגער, איז קרייסלער דערהרגעט געוואָרן.

מיין פאָטער האָט דאָרט געאַרבעט און בלויז זיך געווונטשן אַזוי איבערלעבן מיט דער משפחה ביזן סוף קריג. געווען אָבער אויך שווערע מאָמענטן, ווען עס האָט אים געדראָט דער טויט. איין מאָל איז דער 22־יאָריקער משולם בלומענטאַל פון כאַראָסטקאָוו אַנטלאָפן פון לאַגער. זיין שוועסטער האָט אים אָפּגעוואַרט און מיט אַ שליטן אָפּגעפירט אַהיים. בעתן פרימאָרגן־אַפּעל, אַ זונטיק פרי — איז ער נישט געווען. ס׳איז געוואָרן אַ פּאַניק. דער לאַגער־עלטסטער האָט יעדער צענטן אויסגעקליבן צום דערשיסן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין פאָטער. מען האָט די קרבנות אַוועק געפירט אויפן פעלד און

באַפּוילן גראָבן פֿאַר זיך קברים. מיר האָבן וועגן דעם נישט געוווּסט אין שטעטל. נאָר מיט אַמאָל זענען אין גרויס בהלה געקומען קיין כאַראָסטקאָוו עטלעכע אוקראַיִנישע פּאָליציאַנטן און אַליאַרמירט דעם יודענראַט וועגן אַנטלאָפֿענעם און וועגן דער שטראָף וואָס אַנדערע וועלן דאַרפֿן אויסטראָגן. אַלע האָבן געזוכט דעם אַנטרונענעם, ווייל מען האָט געדראָט מיט נאָך דערשיסונגען. ענדלעך האָט די משפּחה אַרויסגעגעבן בלומענטאַלן. די אויפֿן פֿעלד האָבן דערווייל אַ גאַנצן טאָג געוואַרט ביי דעם אָפֿענעם גרוב, געזאָגט ווידוי. מיין פֿאָטער האָט זיי געטרייסט, אַז ער גלייבט אין אַ רעטונג. די דייטשן וואָס האָבן זיי געהיטן, האָבן נאָר געוואַרט אויף אַ באַפֿעל צום שיסן. געענדיקט האָט עס זיך מיט דעם, וואָס די קאַנדידאַטן דערשאָסן צו ווערן, האָבן מיט נאַהייקעס באַדאַרפֿט אָפּשמייסן דעם געכאַפּטן יונגערמאַן. קיינער איז נישט דערשאָסן געוואָרן, נאָר איך האָב שיעור נישט באַצאָלט מיטן לעבן.

ווען איך האָב אין אָוונט זיך דערוווּסט וועגן דער גאַנצער געשיכטע, בין איך גאַנץ פֿרי אַוועק קיין סטופּקי זיך דערוויסן צי מ׳האָט דעם טאַטן דערשאָסן. אין סטופּקי האָט געוווינט אַ רייכע יידישע משפּחה — אַבראַהאַמאָוויטש, גוטבאַזיצערס. זייער טאָכטער, זשעניאַ, אַ שיין מיידל מיט געענדיקטער מאַטורע, האָט אָנגעפֿירט מיט דער קיך פֿון דער געסטאַפּאָ. זיי אַלע זענען געווען פּראָטעזשירט פֿון דער געסטאַפּאָ. אַבראַהאַמאָוויטש, אַ הויכער, ברייטבייניקער ייד, האָט אויסגעזען ווי אַן עלעגאַנטער פּוילישער פּריץ און דרייסט און ענערגיש אינטערווענירט ביי די דייטשן, ווען ס׳איז געווען נייטיק. ווען איך בין מיט נאָך עטלעכע כאַראָסטקאָווער צוגעפֿאָרן צו די אַבראַהאַמאָוויטשעס, האָט זיך צו אונדז צוגעטשעפּעט אַ יונגער דייטש און דראָענדיק מיט אַ רעוואָלווער, באַפֿוילן זיך אויסשטעלן ביי דער וואַנט און געפֿאָדערט: „גאָלד אָדער טויט.‟ אַבראַהאַמאָוויטש איז גראָד אָנגעקומען, אויסגעזידלט דעם דייטש, אים געדראָט מיט געסטאַפּאָ — און דער „העלד‟ האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן.

אַן אויפֿגערעגטע פֿון דעם פֿאַל, בין איך שנעל אַוועק צו די שטעכלדראָטן, וואָס האָבן אַרומגעצוימט דעם לאַגער. דערזען מיין פֿאָטער, וועלכער האָט נאָך באַוויזן מיך צו וואָרענען פֿאַר די אוקראַיִנישע פּאָליציאַנטן — נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. איינער פֿון זיי האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן „נאַ ראַזסטריל‟ (צום דערשיסן) און אַוועק געפֿירט אין נאָענטסטן לאַגער באַרקי ווילקיע (וועגן וועלכן כ׳וועל נאָך דערציילן), אַנטדערהאַלבן קילאָמעטער פֿון פּוסטקי. אין אַ פֿאַרבלוטיקט קעמערל, וווּ מ׳האָט געשאָכטן בהמות, האָב איך געוואַרט אויפֿן טויט. עס איז שוין געוואָרן פֿינצטער. שפּעטער האָט מען מיך אַרויסגענומען און געהייסן דורכגיין דורך אַ שפּאַליער פֿון אוקראַיִנישע פּאָליציאַנטן — און אַריינגעפֿירט אין אַ קליין צימערל. דאָ האָט מען מיך אויסגעטאָן נאַקעט און דריי פּאָליציאַנטן, טוישנדיק זיך, האָבן מיר דערלאַנגט 75 שמיץ מיט אַ געפֿלאָכטענער גומי־בייטש. איך האָב אַליין געמוזט ציילן. כ׳בין דעמאָלט געווען אַזוי שטאַרק און

אויסגעהאַלטן, אַז כ׳האָב אַפילו נישט געחלשט. ביז 37 האָב איך געציילט און געפילט די קלעפּ. שפּעטער האָב איך שוין גאָרנישט געפּ־לט. זיי האָבן מיר געהאָלפן זיך אויפשטעלן. כ׳בין אַוועק צום פאָטער, ווייל ער האָט דאָך געזען ווי מ׳האָט מיך גענומען. כ׳האָב אים אפילו נישט דערציילט, אַז מען האָט מיך אַזוי צעשלאָגן. ער איז געווען גליקלעך וואָס ער זעט מיך אַ לעבעדיקע. בעצם, האָבן די אוקראַאינער געהאַט באַשלאָסן מיך צו דערשיסן, נאָר מיין קוזין, איטשע פינק, וועלכער האָט געזען ווי דער פּאָליציאַנט האָט מיך צוגענומען, האָט אָנגעהויבן אינטערווענירן ביי די קאַפּאָס, אָרדנערס און אַנדערע וואָס האָבן געקענט העלפן.

אין משך פון צוויי חדשים איז מיין קערפּער געווען בלויז פון די שמיץ.

פאָרנדיק אָפּט קיין סטופּקי, האָב איך, ווי אַלע אַנדערע, באַדאַרפט ערגעץ האָבן אַן אָרט וווּ אַריינצוגיין. די אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן האָבן פאַרבאָטן די פּויערים פון דאָרף אַריינצולאָזן צו זיך אַ ייד. איין מאָל האָט מען מיך געכאַפּט ביי אַ פּויערטע. האָט מען ווידער געשמיסן — דאָס מאָל איבער די היפּטן. איך פלעג אָפּט פאַרפאָרן צו דער פּויערטע זשאָלאַ, וועלכע האָט געוווינט נישט ווייט פון לאַגער. אַ סך מאָל אַפילו ביי איר גענעכטיקט. נאָכן אָפּזיין אין לאַגער אַ דריי חדשים, האָט זיך באַוויזן אַ האָפענונג צו באַפרייען פון דאָרט מיין פאָטער. געשען איז עס אויף אַזאַ אופן:

פונקט ווי איך, פלעגן קיין סטופּקי קומען צו פאָרן אויך משפחה־מיטגלידער פון נאָך אינטערנירטע אין לאַגער: יידן פון באָרשטשיוו, קאָראַלוווקע און אַנדערע ערטער. פון די געשפּרעכן פון די פרויען האָב איך זיך דערוווסט, אַז אַ פאָרשטייער פון קאָראַלוווקער יודענראַט, אַ געוויסער האָלענדער, וועלכער פלעגט ברענגען שפּייז־פּעקלעך אין לאַגער פאַר זיינע שטעטישע, גרייט זיך אַרויסנעמען פון דאָרט עטלעכע יידן. דאָס איז געווען אין יאַנואַר 1942. איך האָב זיך גענומען ברעכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי זאָל מיין פאָטער געהערן צו די גליקלעכע וואָס מען וועט אַרויסנעמען פון לאַגער. אַ געוויסן טאָג איז מיר קלאָר געוואָרן ווי אַזוי צו דערגרייכן דעם ציל.

דער לאַגער־עלטסטער, אַן אָבערשאַרפירער, האָט געהאַט אַ פּוילישע פרוי אַלס געליבטע. ער האָט זי געבערענגט פון פּויזנער געגנט און געוווינט מיט איר אין נאַציאָנאַלן אוקראַאינישן הויז. ער האָט אָבער באַדאַרפט אָפּפאָרן אויפן פראָנט — און אַלס אָנ־ענק צום געזעגענען זיך מיט דער געליבטער, האָט ער אַמאָל זיך אַרויסגעכאַפּט פאַרן בוכהאַלטער פון לאַגער, דעם ייד גערסטענבליט, אַז ער טרוימט וועגן אַ מתנה: אַ שיינעם שליטן מיט פערד און געשפּאַן. גערסטענבליט האָט דעם סוד אַנטפּלעקט האָלענדערן, וועלכער האָט באַשלאָסן צו פאַרווירקלעכן דעם טרוים פונעם דייטש, פאַרן פרייז פון באַפרייען עטלעכע יידן. איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו האָלענדערן.

זייענדיק אין סטופּקי, בין איך אַוועק צו אַבראַהאַמאָוויטשעס אַ ברודער, אים געפאַלן צו די פיס און אַזוי לאַנג געבעטן זיי זאָלן מיין טאַטן אַרויפנעמען אויף דער רשימה פון

די אויסדערוויילטע, אַז ער האָט ענדלעך מסכים געווען — פאַר אַ גרויסער סומע געלט. מיר האָבן אַלץ אויספאַרקויפט, כדי צו ראַטעווען דעם פאָטער. ווען דער לאַגער־עלטס־טער האָט באַקומען אַ שיינעם שליטן און 4 פערד מיט אַ הערלעכן געשפאַן, פוטערס און פעלן און אַנדערע מתנות, האָט ער באַפוילן אויסשרייבן דעם באַפרייאונגס־שיין. זונטיק פרי האָב איך מיט דער הילף פון די באַשעפטיקטע דאָרט אינטערנירטע, זיך אַריינבאַקומען אין קאַנצעלאַריע און קאָנטראָלירט צי מיין פאָטער איז דאָ אויף דער רשימה פון די באַפרייטע. די משפחות האָבן באַדאַרפט אָפּנעמען די באַפרייטע מאָנטיק אָוונט. מיט סיגאַרעטן האָב איך אונטערגעקויפט אַן אוקראַאינישן פּאָליציאַנט, אַז ער זאָל מאָנטיק ניט שיקן מיין פאָטער אויף אַרבעט אויסער דעם לאַגער. איך האָב געוואָלט אין גאַנצן זיין זיכער מיט זיין באַפרייאונג, און אַז זי זאָל צוגיין וואָס גרינגער. אַ גאַנצן טאָג האָב איך אים געזען דורכן פענצטער, ער איז געווען באַשעפטיקט ביים רייניקן דעם שניי.

מיט אַמאָל איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַרום 3—4 פאַרנאַכט איז צוגע־פאָרן צום לאַגער דער סאַדיסטישער דייטש טומאַנעק, וועלכער האָט געהאַלטן אין פחד די גאַנצע געגנט.

## די פאַרברעכנס פון טומאַנעק און רייבל אין סטופקער לאַגער

צי דערפאַר וואָס אין סטופקי האָט מען אַדורכגעפירט וויכטיקע אַרבעטן (די פירמע טאָדט האָט געלייגט אַ שאָסיי ביז קיעוו), אָדער דערפאַר וואָס דער קאָמענדאַנט איז געווען אַ „מילדער" — פלעגן אָפט קומען אַהין קאָנטראָלעס. צווישן די קאָנטראָלערן איז אויך געווען דער לאַגער־פירער אין קאַמיאָנקע, וווּ ס'האָבן געאַרבעט פיל כאַראָסטקאָווער יידן, — דער הענקער רײבל. תמיד אומגעריכט — און נאָך יעדער וויזיט איבערגעלאָזט עטלעכע טויטע. איין מאָל בין איך געווען אַן עדות, ווי נאָך רייבלס אַ שיסעריי, זענען פינף טויטע קערפּערס געבליבן ליגן אין לאַגער־הויף. איצט, ווען דער ס.ס.־רוצח טומאַנעק האָט זיך באַוויזן אויף אַזאַ אומגעריכטן אופן, וועלן זיכער, ווי תמיד, זיין קרבנות. פון מיין פויערטע זשאָלאַ בין איך אַוועק אין אַ צווייטער כאַטע, פונוואַנען מ'האָט געקענט זען דעם גאַנצן הויף פון לאַגער.

טומאַנעק האָט באַפוילן עטלעכע אינטערנירטע זיך אויסשטעלן ביי די קאָזלעס, ווו מ'האָט געזעגט האָלץ. איך האָב דערהערט עטלעכע שאָסן. דער שניי איז מיט אַמאָל באַ־פאַרבט געוואָרן אויף רויט. פון פענצטער האָב איך נישט געזען ווער עס איז דערשאָסן געוואָרן. כ'בין געווען זיכער, אַז מיין פאָטער איז דאָ צווישן די קרבנות. דאָס האָב איך אַליין גורם געווען דערצו, אַז דעם טאָג זאָל ער בלייבן אין לאַגער. מיך האָט געוואָרפן ווי אין פיבער. עס איז שטיל געוואָרן. פּלוצים דערזע איך, ווי פון דער סטאָדאָלע פון דער אוקראַאינערין, ווו אַ טייל אינטערנירטע האָבן פון שטרוי אויסגעאַרבעט לאַפּטשעס — איז

אַרויס מיין פֿאָטער. אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פֿון האַרצן. איך האָב שוין נישט אַראָפּ געלאָזט פֿון אים קיין אויג. מיין פֿאָטער איז צו צום טויער און אַריין אין לאַגער מיט די אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פֿון דער אַרבעט.

איך בין אַרויס פֿון דער כאַטע. אגב, אין דאָרף האָב איך זיך באַוועגט פֿריי, קיינער האָט נישט חושד געווען, אַז איך בין אַ יידישע. איך האָב דערזען ליגן אין לאַגער זיבן הרוגים. איינעם פֿון זיי האָב איך דערקענט — מיין שכן, אין זעלבן עלטער וואָס איך — גבריאל שפּיגעל, וועלכער איז יענעם טאָג נישט אַרויס אויף קיין אַרבעט, ווייל ר׳איז קראַנק געוואָרן אויפֿן מאָגן. פֿון דעם כאַראָסטקאָווער ייד פֿיינגאָלד, וועלכער איז על־פּי־נס ניצול געוואָרן פֿון טויט, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ווי נאָר טומאַנעק איז אַריין אין באַראַק און געטראָפֿן דאָרט ליגן עטלעכע יידן, האָבן קיין שום פֿאַרענטפֿערס ניט געהאָלפֿן. ער האָט אויף זיי אָנגעשריען — און דערשאָסן, פֿיינגאָלדן האָט ער געלאָזן אין באַראַק.

גאַנצע דריי טעג — פֿון מאָנטיק ביז דאָנערשטיק — האָט טומאַנעק געווילדעוועט אין לאַגער און דערפֿאַר האָבן איך נישט געקאָנט אַרויסנעמען פֿון דאָרט דעם טאַטן. אויפֿן דאָרף איז געפֿאַלן אַ פּחד, קיין שום פּויערטע האָט נישט געוואָלט עמעצן פֿון אונדז לאָזן איבער דער שוועל. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אויפֿן שניי, אָן עסן, אָן שלאָפֿן. ערשט ווען טומאַנעק איז דאָנערשטיק אַוועק פֿון סטופּקי — האָב איך ענדלעך זוכה געווען צו פֿירן מיין פֿאָטער אַהיים. ער האָט אָבער אויפֿריכטיק באַדויערט, וואָס אַנדערע בלייבן הינטער די דראָטן. אַזאַ איז געווען מיין טאַטע...

מיט דריי טעג שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער בוכהאַלטער פֿון לאַגער, גערסטענבליט, וועלכער האָט אַדורכגעפֿירט די טראַנזאַקציע מיטן „גוטן" לאַגער־קאָמענדאַנט וועגן באַפֿרייען עטלעכע יידן פֿאַרן פּרייז פֿון אַ שליטן מיט פֿערד — איז דורך דעם זעלבן קאָמענדאַנט דערשאָסן געוואָרן. גערסטענבליט איז קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס און זיך איינגעאָרדנט ביי אַ פּויערטע אין כאַטע מיט דער אויסרעכענונג, אַז נאָכן געזונט ווערן, וועט ער זיך אומקערן צו זיין באַשעפֿטיקונג. בעת אַן אָבלאַווע, האָט מען אים געפֿונען און אויפֿן ליילעך געבראַכט אין לאַגער, ווו דער קאָמענדאַנט, ווי געזאָגט, האָט אים דערשאָסן.

דער לאַגער אין סטופּקי האָט ניט לאַנג עקזיסטירט. די דייטשן גופֿא האָבן אים אונטערגעצונדן און פֿיל יידן זענען דאָרט פֿאַרברענט געוואָרן. די לעבן־געבליבענע האָט מען איבערגעפֿירט אין נאָענטן לאַגער באַרקי וויעלקיע, ווו עס האָבן זיך אויך געפֿונען סאָוויעטישע קריגס־געפֿאַנגענע. סוף ווינטער 1942/43 האָבן פּאַרטיזאַנער אונטערגעצונדן דעם לאַגער. די אינטערנירטע זענען זיך צעלאָפֿן און די וואָס מ׳האָט געכאַפּט, זענען צעשיקט געוואָרן אין אַנדערע לאַגערן.

(אומקערנדיק זיך צו רייבלען: איך האָב געהערט, אַז ער איז געכאַפּט געוואָרן אין דייטשלאַנד. וואָס שייך טומאַנעקן, בין איך געווען עדות אויף זיין פּראָצעס, צוזאַמען מיט

נאָך 22 עדות פון ישראל, איינער פון פוילן, 4 פון אַמעריקע. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף לעבנסלענגלעכע תּפיסה מיט קאַטאָרגע־אַרבעט).

## די איבערזידלונג קיין קאַפּיטשיניעץ

נאָך דעם ווי מיין פאָטער האָט זיך אומגעקערט קיין כאַראָסטקאָוו, איז ער זעלטן ווען אַרויס אין גאַס, ווייל מ׳האָט אָפּט געכאַפּט צו אַרבעט. עס איז אַלע מאָל כּסדר געוואָרן ערגער, אָבער אין אַלגעמיין — רואיק. יום־כּיפּור 1942, האָט מיין פאָטער מיט עטלעכע שכנים איינגעאָרדנט אַ מנין צום דאַווענען. נאָך נעילה האָט דער טאַטע געשיקט אַ 15־יאָריק יינגל צו אַ צווייטן מנין, כּדי ברענגען פון דאָרט אַ שופר. גראָד זענען אָנגעקומען אין שטעטל צוויי ס.ס.־לייט. זיי זענען נאָכגעגאַנגען דעם יינגל ביז אונדזער מנין, ווו דער עולם איז נאָך געשטאַנען אין די טליתים און קיטלען און זיך געגרייט צו פאַרענדיקן דעם טאָג. מיטן אָנקום פון די דייטשן, איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה. די יידן זענען זיך צעלאָפן דורך טיר און פענצטער, געבליבן איז בלויז דער אַלטיטשקער כּתריאל לאַקס, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די גאַנצע „שולד" פון איינאָרדענען דעם מנין און אויך דערקלערט, אַז דאָס איז זיין שטוב. די רוצחים האָבן געדראָט מיטן רעוואָלווער, געשריען הלמאי מען פירט אַדורך „אונערלאַובטע געבעטע" און אים אַוועק געפירט אין יודענראַט. די זין פון לאַקסן האָבן געוואָלט ראַטעווען זייער פאָטער און אָנגעוויזן אויף מיין פאָטער אַלס דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פאַרן מנין. נאָך עטלעכע טעג זענען די ס.ס.־לייט אַוועק פון שטעטל. קיין קרבנות זענען נישט געווען. עס איז געוואָרן שטיל.

אָבער נישט אויף לאַנג. אין די סוכּות־טעג האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָגראָמען אין די שכנותדיקע שטעטלעך און ישובים. עס איז געקומען אונדזער ריי. איך האָב צו יענער צייט געאַרבעט אויפן פאָלוואַרק אָווישלע. אונדזער שכנטע, קוכאַרסקאַ, האָט אַרויסגע־האָנגען דאָס בילד פון דער „הייליקער מוטער", אָבער אַליין ניט געגלייבט, אַז אַזאַ בילד וועט אונדז באַשיצן. זי האָט אונדז געעצהט צוגרייטן זיך אַ בונקער. אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן.

אַ מיטוואָך נאָך סוכּות, ווען איך האָב מיט אַ גרופּע מענטשן זיך אומגעקערט פון פאָלוואַרק, האָט אַ פּאָליאַק אונדז געוואָרנט נישט גיין אין שטעטל, ווייל אין כאַראָסטקאָוו איז איצט אַן אַקציע. מיר זענען זיך צעלאָפן. איך האָב אַראָפּ גענומען דעם אָרעמבאַנד און אַ גאַנצן טאָג געלעגן באַהאַלטן צווישן די קוסטעס. אין מיטן נאַכט האָט איך געהערט דעם גערויש פון אַ פאַרבייפאָרנדיקער באַן, אויסגעמישט מיט מוראדיקע געשרייען. כ האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס פירט מען מענטשן צום טויט.

צומאָרגנס זענען מיר אַרויס פון די באַהעלטענישן. די פּויערים האָבן דערציילט שוידערלעכע פּרטים וועגן דער אַקציע אין כאַראָסטקאָוו, וועגן מאַסן־דערשיסונגען אין

וואַלד. מיך האָט געטראָפן אַ גליק. הינטער דער שטאָט האָב איך באַגעגנט מיין שוועס־טער. זי, צוזאַמען מיט מיין גאַנצער משפחה, האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ פריער צו־געגרייטער באַהעלטעניש, ווו 37 פערזאָן האָבן זיך געשטיקט און צונויפגעדרענגט אין מוראדיקער ענגשאַפט — אָבער פאָרט זיך געראַטעוועט. די שטיקעניש איז דאָרט געווען אַזוי גרויס, אַז אינמיטן דער אַקציע האָט מען געמוזט אַרויסגיין. בלויז מיין שוועסטער עטקע האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן. זי איז דערנאָך קראַנק געוואָרן.

מיר זענען אַוועק אין קעלער פון דער קוכאַרסקאַ. ווען די דייטשן האָבן ביי איר געזוכט, האָט זי דערקלערט, אַז נאָך אין דער פרי זענען אירע שכנים אַוועק. מען האָט איר געגלייבט.

אין אַ חודש אַרום איז געקומען דער באַפעל, אַז די יידן פון כאַראָסטקאָוו זאָלן אויס־געזידלט ווערן קיין קאָפּיטשיניעץ. געבליבן זענען אַן ערך 250 יידן, צווישן זיי — געצייל־טע משפחות, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פאַרלוסטן.

קיין קאָפּיטשיניעץ האָט מען צונויפגעטריבן די יידן אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך און ישובים. אונדזער משפחה האָט געוווינט ביי מיין פעטער אויף דער טשאָרטקאָווער גאַס, אין שרעקלעכער ענגשאַפט. אַלע האָבן געגרייט בונקערס, אין אונדזער הויז האָבן מיר אויפגעבויט 3 באַהעלטענישן, אין וועלכער ס'איז אָנגעקומען וואַסער. דער יודענראַט האָט באַקומען אַ באַפעל אויסצוגראָבן גריבער. מיר האָבן געוווּסט — אייגענע קברים... אַלע מאָל איז געוואָרן אַ פּאַניק, מ'איז נישט געווען זיכער מיטן טאָג. איינער פון די דייטשן האָט געזאָגט, אַז ערשט אין פּרילינג וועט מען זיך נעמען צו די יידן. די גריבער זענען פאַרשיט געוואָרן, ווען ס'איז אַראָפּ געפאַלן אַ שניי. מ'האָט געשמועסט, אַז די מענטשן האָבן אָפּגעלייגט די מאַסן־עקזעקוציעס, ווייל זיי ווילן נישט... פאַראומרייניקן דעם שניי.

אין יעדער הויז זענען איינגעשטעלט געוואָרן פון די יידן דיזשורן, ווייל מען האָט געפילט דאָס זיך דערנענטערנדיקע אומגליק. אין אַזאַ שפּאַנונג האָבן מיר געלעבט ביזן 15טן אַפּריל 1943. אין יענער נאַכט זענען מיר, אַ מאַן עלף, אַוועק אין בונקער. דאָס וואַסער האָט געגרייכט ביז די קני. פאַרטאָג זענען געקומען די דייטשן, אַנטדעקט דעם בונקער, אונדז אַרויס געטריבן און געשריען: „איר גייט אין הימעלקאָמאַנדאָ!” אין גאַס זענען מיר אַ מאַסע טויטע. פאַרמאַכטע הייזער, פאַר יעדער אַריינגאַנג שטייען דייטשן, באַוואָפנט אויך מיט העק. אַ מאַסע פּאָליאַקן און אוקראַינער פון די אַרומיקע דערפער. זיי וואַרטן מיט זעק, ביז מען וועט עפענען די הייזער צו קענען רויבן. געשרייען, אַ שיסע־ריי. כ'פיל, אַז כ'מוז אַנטלויפן. איך באַמי זיך אַוועקדרייען אין אַ זייט. איינער פון די דייטשן צילט אָן זיין ביקס. ער שיסט נישט. איך גיי צוריק אין דער ריי.

מען פירט אונדז צו אויפן רינעק, ווו מ'האָט צונויפגעטריבן אַלע געכאַפּטע יידן.

דער פלאַץ איז אַרומגעשטעלט מיט אוקראַינישע און דייטשע פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרן. אַ וועלט מיט מאָטאָציקלען, מיט וועלכע די דייטשן זענען אָנגעפּאָרן צו דער אַקציע.

צו מיין פֿאָטער קומט צו דער יונגער כאַראַסטקאָוער רב, ראַפּאַפּאָרט, מיין טאַטנס אַ פריינד און לייגט אים פֿאַר מען זאָל צוזאַמען אָפּזאָגן ווידוי. איך האָב נישט געלאָזט מיין טאַטן גיין, ער האָט מיך געפֿאָלגט. „מיר שטאַרבן נאָך נישט" — האָב איך אים געזאָגט. און אַזוי אויך געבליבט. כ'האָב שוין געהאַט הינטער זיך אַ נסיון פון קאַמף מיטן טויט. וועגן דעם טאַקע האָב איך געטראַכט, געפינענדיק זיך אויפן כאַראַסטקאָווער רינעק דאַנערשטיק, דעם 15טן אַפּריל 1943. דער געדאַנק האָט געאַרבעט, ווי אַזוי פון דאַנען אַנטלויפן...

### די פּאַסירונג מיט דער פֿאַמיליע כץ

איך וויל זיך איצט אומקערן צו אַ געשעעניש פון פֿאַר דער אַקציע, וועלכע איז פֿאָרגעקומען מאָנטיק, מיט 3 טעג פריער. איך בין דעמאָלט אַדורכגעגאַנגען די גאַס, אויף וועלכער יידן האָבן ניט געטאָרט גיין. אַנטקעגן מיר האָט זיך באַוויזן זיגאַ גאָטליב, מיין חבר און גוטער פריינד פון מיין קוזין. מיר זענען ביידע געווען אין איין עלטער. ער האָט געהערט צו דער „אָרדנונגס-דינסט" פון יודענראַט און ניט נאָר אויף מיר אָנגעשריגן הלמאי איך גיי אויף דער פֿאַרבאָטענער גאַס, נאָר אַפילו מיך פֿאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אינעם אַרעסט פון יודענראַט — אינעם אָפּגעשלאָסענעם געשעפט פונעם רייכן הורט־סוחר פון שניט־סחורה, שאַפּירא. אונטערן געשעפט זענען געווען סקלאַדעס. די טיר פון אַרעסט איז באַשטאַנען פון אַן אייזערנע זשאַלוזע, צעלעכערט, און מען האָט געקענט זען אַלץ וואָס עס טוט זיך אויפן גאַס. איך האָב דעם גאַנצן עניין גרינגגעשעצט און פון דעם איז אַרויס אַ גאַנצער אומגליק.

זיצנדיק אַזוי פֿאַרשפּאַרט אַ 15 מינוט, דערזע איך, ווי אין אַן אויטאָ קומט אָן ווילי רוקס, אַ בערך 30־יאָריקער ס.ס.־מאַן, טומאַנעקס אַ חבר, וועלכער האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די יידן פ׳ון טשאָרטקאָוו און אומגעגנט. דער דאָזיקער רוצח פלעגט שיסן אויף רעכטס און לינקס, ווי נאָר ר׳האָט זיך באַוויזן. איך האָב געזען ווי דאָס שטעטל שטאַרבט אָפּ, אַלץ צעלויפט זיך אין די הייזער און באַהעלטענישן. די יידישע פּאָליציאַנטן און די יודענראַטלער זענען פֿאַרציטערטע אַרומגעלאָפן און געשריען „די קאַצאָווע, די קאַצאָווע".

אין קאָפּיטשיניעץ אויף דער רינקאָווע גאַס האָט געוווינט דער אַדוואָקאַט כץ מיט זיין פרוי און קינד. עמעץ האָט צוגעטראָגן, אַז די דאָזיקע משפחה באַהאַלט אויס רוסישע פּאַרטיזאַנער, וואָס איז, אגב, נישט געווען אמת. איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז רוקס איז געקומען צו די קאַצס — און פון דעם די באַוועגונג אין שטאָט.

פון אַלע זייטן האָט מען אָנגעהויבן ברענגען מענטשן. אויך די שכנים פון די קאַצס, וועלכע זענען אַוודאי אַנטלאָפן. ערשט אין אָוונט האָט מען געפונען די פרוי קאַץ מיטן

מאַן און 10־יאָריקן טעכטערל. איך האָב געפילט, אַז באַלד קומט מען אויך מיך נעמען. זיי האָבן געכאַפּט אַרום 100 מענטשן, פאַרשפּאַרט זיי אין די מאַגאַזינען, אונטער מייז אַרעסט. דערנאָך האָט מען זיי אויף לאַסט־אויטאָס געפירט אין געסטאַפּאָ. פון פאַרצווייפ־לונג האָב איך גערדראַפּעט די וואַנט, געריסן די טיר, געזוכט אַ וועג צו אַנטלויפן.

עס איז שוין געווען פינצטער, ווי כ׳האָב ווידער דערזען רוקסן שטיין אויפן טראָ־טואַר — אין אַ לאַנגן שינעל, מיטן אַן אָנגעצילטן רעוואָלווער, וועלכער האָט זיך געריי־כערט פון דער נאָר וואָס אויסגעשאָסענער קויל. צו יעדן דורכגייער האָט ער אַ געשריי געטאָן „האַלט!" — און אויסגעשאָסן. ער איז אַריין אין שטוב, אַרויסגענומען פון דאָרט מענטשן און זיי דערשאָסן אויפן גאַס. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אַוועקגעשטעלט אויפן זעלבן אָרט ביי דער טיר, הינטער וועלכער איך בין געווען פאַרשפּאַרט. שפּעטער האָב איך געזען, ווי צו רוקסן איז צוגעקומען די קעלנערין פון דעם אוקראַינערס רעסטאָראַן, וווּ די דייטשן האָבן געגעסן און געשיכורט. דאָס איז געווען אַ שיין, יונג, בלאָנד מיידל. ער האָט זי געקושט און געהאַלדזט. ווען ער האָט געוואָלט שיסן צו אַ ייד, האָט זי זיך פּשוט אויף אים אַרויפגעלייגט, אים אַרומגענומען און זיך געבעטן: „ווילי, איך ביטע דיך — נור ניכט שיעסען"... צומאָרגנס, אַז איך האָב דאָס דערציילט אין יודענראַט, האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז דאָס מיידל, רוקס פריינדין, איז אַ יידישע, אויף אַרישע פּאַפּירן...

דערוויילע האָב איך געזוכט אַ וועג צו אַנטלויפן. דראַפּענדיק זיך צום פענצטערל, האָב איך זיך צובאַקומען צו עפּעס אַ ברעטל, דורך וועלכן מ׳האָט אַמאָל געוואָרפן סחורות אין סקלאַד אַריין. נאָך גרויס מי, איז מיר געלונגען אַרויס צו שלעפּן דאָס ברעטל. עס האָט זיך באַקומען אַן עפענונג פון בערך אַ האַלבן מעטער די ברייט. ביי זיך האָב איך באַ־שלאָסן, אַז אין פאַל ווען מען קומט מיך נעמען, אַנטלויף איך דורך דער עפענונג.

אין פולער שטילקייט האָט מען די לעצטע יידן אויפגעלאָדנט אויף די אויטאָס. אויך רוקס איז אַוועק געפאָרן. איך האָב געזען ווי הארציק ר האָט זיך געזעגנט מיט דער קעל־נערין. די יידישע פּאָליציאַנטן זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איך האָב מיט אַלע כוחות גענומען קלאַפּן אין טיר, מורא האָבנדיק, אַז זיי וועלן פאַרגעסן און מיך איבערלאָזן. דער עלטסטער פון דער יידישער פּאָליציי, ער האָט, דוכט זיך, געהייסן העלינגער, האָט זיך געוווּנדערט וואָס מ׳האָט אין מיר פאַרגעסן. ער האָט באַפוילן מיך באַפרייען און אָפּפירן אַהיים. דאָ איז מען שוין געזעסן נאָך מיר „שבעה". איך בין צוריק געקומען ווי פון יענער וועלט... דאָס מאָל איז העלינגער געווען אַ גוטער, הגם דער דאָזיקער ייד האָט אַ סך פון אונדזערע ברידער אויפן געוויסן. ער לעבט היינט ערגעץ־ווו אין אַמעריקע.

### איך אַנטלויף פון אומברענג־פּלאַץ

איצט, געפינענדיק זיך אויפן רינעק וווּ מ׳האָט צונויפגעטריבן די יידן, כדי זיי אומברענגען, האָב איך זיך דערמאָנט מיין אַרעסט מיט דריי טעג צוריק — און פעסט

באַשלאָסן: איצט מוז איך אַנטלויפן. איך בייג זיך אַראָפּ, כלומרשט פאַריכטן די זאָקן — און זאָג דער מאַמען: „איך גיי, איר גייט נאָך מיר". מיין מאַמע וואָרנט מיך. נאָר איך רוק זיך לאַנגזאַם אַרויס. כ'ווייס אַליין נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, איך געפין זיך שוין הינטער די מאָטאָציקלען. נאָך אַ פּאָר מינוט — אָט בין איך שוין הינטער די שפּאַלערס אויך. די דייטשן האָבן מיך נישט באַמערקט, דאַקעגן דער יידישער פּאָליציאַנט שעכנער האָט מיך יאָ דערזען — נאָר זיך נישט געמאַכט וויסן. איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַ בלויען מאַנטל, נאָר אַ פאַרבלאָטיקטן און נאַסן פונעם בונקער. ענדלעך זיך צובאַקומען צו דער באַן־סטאַציע.

גייענדיק אַזוי אויף דער קאָלעיאָווע גאַס, איז מיר אַנטקעגן געקומען אַן אוקראַאינישער פּאָליציאַנט. ר'האָט זיך אויף מיר ניט אומגעקוקט. מיט אַמאָל דערהערט זיך דאָס קול פון אַן אוקראַאינישער פרוי: „זשידיווקאַ, זשידיווקאַ!" דער פּאָליציאַנט פאַרהאַלט מיך. ער פירט מיך אַוועק אויפן פעלד, ניט ווייט פון שעכטהויז. אַרום — גריבער און ריוועס, פול מיט דערמאָרדעטע יידן, וווּ כ'האָב דערקענט מיין שיינע חברטע מיט איר מוטער, אונ־דזערע שכנים. דער פּאָליציאַנט פרעגט מיך, צי כ'וויל דערשאָסן ווערן אין אָנטועכץ, צי נאַקעט. איך ענטפער גאָרנישט. ער שטעלט אָן די ביקס. מיט אַמאָל דערהערן מיר ביידע, ווי ניט ווייט פון אונדז, בעט זיך אַן אַנדערע פרוי (אויף פּויליש) ביי אַ פּאָליציאַנט: „מאַטקאָ באָסקאַ, ראַטוי יאָן!" (געטלעכע מוטער, ראַטעווע זי!). די פרוי, וועמען כ'האָב שפּעטער געטראָפן אין טאַרנאָפּאָל, פאַלט צו די פיס פון יענעם פּאָליציאַנט, קושט אים די הענט און בעט ער זאָל נישט לאָזן מיך דערשיסן. יענער לויפט שנעל צו צו מיין רוצח, שרייט אויף אים, אַז כ'בין נישט מער אַלט ווי 19 יאָר. כאַפּט אים אָן ביי דער ביקס, לאָזט ניט שיסן. זיי פירן מיך אַוועק אין דער נאָענטסטער כאַלופּע. די פּויערטע דערלאַנגט מיר אַ בערשטל כ'זאָל זיך אָפּרייניקן דעם מאַנטל. איך הער דערווייל ווי די צוויי פּאָליציאַנטן שמועסן זיך אַדורך: „איך וויל נישט גיין אין וואַלד, עס ווילט זיך נישט אומקומען. זאָלן די דייטשן אַליין דאָרט היטן. אין וואַלד זענען פאַראַן יידן מיט געווער. מיר איז ליבער דאָ אַכטונג צו געבן..."

פון דעם דאָזיקן געשפּרעך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די אוקראַאינער זענען דאָ אַוועק געשטעלט געוואָרן, כדי נישט לאָזן די יידן אַנטלויפן אין וואַלד, ווו עס האָבן זיך געפונען יידישע פּאַרטיזאַנער. דאָס האָט מיר געגעבן נייעם מוט צום לעבן.

ענדלעך האָט מיך איין פּאָליציאַנט אַרויס געפירט פון דער כאַטע, מיט דער ביקס אָנגעצילט אויף מיין רוקן. ער הייבט אָן מיט מיר זיך דינגען: „אפשר איז פּאָרט בעסער דיך דערשיסן, במילא וועט דיך כאַפּן אַן אַנדערער און אַוועק הרגענען". — „לאָז מיך לעבן" — האָב איך זיך געבעטן. ער דערציילט מיר, אַז יעדער טאָג מוז ער אַוועקהרגענען אַ הונדערט יידן, נאָר איך בין אים געפעלן געוואָרן: „היי טעבע פּאַן באָה פּראָוואַדיטי, פּאָמאָליש זאַ מאָיו דושו" („זאָל דיך גאָט פירן, בעט פאַר מיין נשמה"). איך בין פריי. מיט

אַמאָל באַווייזט זיך דער וועכטער פון שעכטהויז און דראָט דעם פּאָליציאַנט, אַז ער וועט אים פאַרמסרן פאַר דער געסטאַפּאָ, ווייל ער באַפרייט רייכע יידן. זיי האָבן גענומען זיך קריגן. איך האָב אויסגענוצט אַ מאָמענט און אַנטלאָפן, פון וואַנען כ׳בין געקומען.

נאָכן אָפּלויפן עטלעכע טריט, בין איך ווידער אויף דער באַן־ליניע. אויפן פּאַראַלעלן וועג באַווייזן זיך דייטשן אויף מאָטאָציקלען. אָט געפינט זיך שוין לעבן מיר אַ ריזיקער וואָלף־הונט. ער נעמט מיך רייסן און בייסן. איך פיל, אַז איצט מוז איך האַנדלען אַנטשלאָסן, דער עיקר — אַראָפּ וואַרפן פון זיך יעטווערן פאַרדאַכט פון יידישקייט. איך טאָר נישט מורא האָבן. נעם גלעטן דעם בייזן הונט. ער האָט זיך באַרואיקט און אַוועק פון מיר. צוויי דייטשן וואַקסן אויס לעבן מיר, זיי ריידן גאָר פריינדלעך. זיי פרעגן, ווו געפינען זיך יידן. איך ווייז זיי מיט דער האַנט — „אין שטאָט״. זיי האָבן זיך צעלאַכט, אַז יענע זענען שוין אין „הימעלקאָמאַנדאָ״. איך האָב זיך צעשמייכלט... זיי האָבן זיך גענומען טשעפּען צו מיר. איך זאָג, אַז כ׳אייל זיך צו דער אַרבעט. זיי לאָזן מיך גיין.

איך פאַרשטעק זיך אין אַ ליים־גרוב אין באַן־אָנשיט, וואָס איז אויסגעריזלט געוואָרן פון די רעגנס און ליג דאָרטן אַ גאַנצן טאָג. אַנטקעגן, אין אַ שאָפּע, האָבן אַרבעטער פאַר־ריכט באַן־רעלסן. עמעץ פון זיי האָט מיך זיכער באַמערקט, ווייל פאַרנאַכט, ווען כ בין אַרויס פון גרוב און זיך אַוועקגעזעצט אויפן זאַמד, האָב איך דערהערט ווי עמעץ קומט אָן. דאָס איז געווען אַ 30־יאָריקער, אינטעליגענטער אוקראַינער. ר׳האָט זיך פאָרגע־שטעלט, נאָר זיין נאָמען געדענק איך נישט. ער האָט דערציילט, אַז אַלס אויפזעער איבער די אַרבעטער, האָט ער זיי ספּעציעל געהאַלטן ביז פאַרנאַכט, כדי קיינער פון זיי זאָל מיך נישט אויסגעבן דער פּאָליציי. ער וויל מיר העלפן. אַריינגעפירט אין דער בודקע פון באַן־וועכטער, געברענגט אַ קאָלדרע, געוואָלט מיך ברענגען צו זיין מוטער. ער שטויסט זיך אָן, אַז איך בין אַ יידישקע. נאָר ר׳האָט מורא פאַר די אַנטיסעמיטישע שכנים. ער האָט אַפילו געבעטן דעם אַדרעס פון מיינע עלטערן אין שטאָט, דערוויסן זיך צי זיי לעבן. מיט אומצוטרוי און וואַקלעניש האָב איך געגעבן דעם אַדרעס. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז אין דער פרי וועל איך זיך באַהאַלטן אין סטערטעס היי וואָס זענען געשטאַנען נישט ווייט פון דער בודקע.

אַ גאַנצן טאָג געוואַרט אין פעלד אויף עפּעס אַ ידיעה פון אוקראַינער — און נישט דערוואַרט זיך. געלאָזט זיך אַליין אַהיים. נאָך הינטער דער טיר דערהערט די שטימען פון מיין מאַמען און שוועסטער. זיי זענען ניצול געוואָרן. מיין פאָטער איז נישט געווען אין דער היים, אַוועק מיך זוכן צווישן די אומגעקומענע. ווי אַזוי זענען זיי ניצול געוואָרן? דורך אַ נס. אויפן אומברענג־פּלאַץ האָבן אויסגעפּעלט אויטאָס אַוועק צו פירן די אומ־גליקלעכע. האָט מען זיי צוריק געבראַכט אין דעם סקלאַד פון שאַפּיראָס געשעפט, דאָרט ווו איך בין געווען אַרעסטירט. עטלעכע הונדערט יידן זענען דאָרט פאַרהאַלטן געוואָרן. צווישן זיי מיין משפחה. מיין שוועסטער עטקע האָט דערזען אין סופיט אַ ליכט־שטראַל.

אַז מען האָט זיך אונטערגעהויבן, האָט זי אַפּירגענומען דאָס זעלבע ברעטל וואָס איך האָב מיט עטלעכע טעג פריער געהאַט באַפרייט פונעם דורכגאַנג. די ערשטע איז זי אַרויס אַרויס אויף דער פריי אַ דאַנק דער עפענונג. נאָך איר — מיין מוטער, דער פאָטער, די שוועסטער. שפעטער האָבן נאָך אַ זעכציק מער דרייסטערע ריזיקירט מיט אַנטלויפן. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין די בונקערס.

די שוועסטערס האָבן מיר דערציילט, אַז דער אוקראַינער איז טאַקע געווען אין שטוב, דערציילט וועגן מיר, נאָר דעם טאַטן ניט געטראָפן. דערפאַר איז מעגלעך, אַז ר'האָט נישט געוואָלט, אָדער נישט געקענט קומען צו דער באַן־ליניע.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען ערב פסח. שטעלט אייך פאָר אַ וואָסער טרויעריקער יום־טוב ס'איז פאַר אונדז געווען.

**די אַקציעס פון מאַי און יוני. איך אַנטלויף ווידער. יידישער ווידערשטאַנד**

נאָך פינף וואָכן אומאויפהערלעכע שרעק — אַ נייע אַקציע. נאָר פאַר דער צייט האָט מען אויפגעבויט נייע בונקערס און באַהעלטענישן. בעת אַ נאַכט־דיזשור, האָט מען באַ־מערקט ליכט אין דער געביידע פון דער שופאָ און פאַרשטאַנען, אַז מן־הסתם וועט זיין אַן אַקציע. פיר פאַרטאָג בין איך אַוועק צו די שכנים זען וואָס זיי גרייטן זיך צו טאָן. אויפן גאַס האָט מיך געכאַפּט אַן אוקראַינישער פּאָליציאַנט. אַוועק געפירט אין דערבייאיקן סאָד און — אויסגעשאָסן. איך בין געפאַלן אין גראָז, ער האָט נישט געטראָפן. האָט ער מיך צוגעשטעלט צו דער וואַנט פון אַ שטאַל, כדי בעסער צילן. איז געקומען אַ צווייטער פּאָליציאַנט און אים געזאָגט, אַז בעסער איך זאָל פאַלן אויף סאָראָצקיס הענט, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס אַכזר און סאַדיסט. זיי האָבן גענומען דיסקוטירן פון וועמען איך זאָל אומקומען — בין איך דערווייל אַנטלאָפן. אַריין אין שטאַל. באַמערקט אַ קו און לעבן איר, אין דער קאָריטע, איז געלעגן אַ קעלבל. נישט געטראַכט קיין סך, אויף שנעל אַרויס־געוואָרפן דאָס קעלבל און אַליין זיך אַריינגעלייגט אין דער קאָריטע, באַדעקט זיך מיט שטרוי און מיסט. דאָס קעלבל האָט גענומען זייגן און די קו האָט זיך צעמעקעט. דער פּאָליציאַנט איז אַריין אין שטאַל, געזוכט, גענישטערט — אָבער נישט געפונען. דערווייל איז געקומען צו לויפן די בעל־הביתטע, דוכט זיך, אַ פּוילישע, הגם זי האָט גערעדט אוקראַיניש. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קעלבל, צוריק אַריינגעלייגט אין דער קאָריטע, אויף מיר — און דאָס קעלבל איז אַרויסגעפאַלן. די פרוי הייבט אונטער דאָס שטרוי, דער־זעט מיך דאָרט ליגן, מאַכט זיך ניט וויסנדיק, פאַרדעקט מיך צוריק און זאָגט מיר אַז כ'זאָל ליגן רואיק...

נאָר ווי קאָן מען ליגן רואיק, אַז אַרום הערן זיך שאָסן, געשרייען און אויסרופן „שמע ישראל". אין דעם סאָד האָט מען געכאַפּט אַ סך יידן און אויפן אָרט זיי אומגעבראַכט.

פאַרנאַכט האָט דער מאַן פון דער גוטער פרוי זיך אומגעקערט אַ היים און זיך פון איר דערוווּסט, אַז אין שטאַל ליגט באַהאַלטן אַ יידיש מיידל. ער איז געקומען און מיך אַרויס געטריבן, הגם די אַקציע האָט נאָך געדויערט. קריכנדיק אויף אַלע פיר, צווישן טויטע קערפּערס און אין לוזשעס בלוט, בין איך געקומען צו אונדז אַהיים, נאָר קיינעמען נישט געטראָפן. איך בין פאַרצווייפלט. געלעגן דאָרט אַ גאַנצע נאַכט. קיינער איז נישט געקומען. ערשט אין דער פרי האָבן זיך באַוויזן עטלעכע ניצול־געוואָרענע יידן און דער־ציילט, אַז מיינע נאָענטסטע זענען אומגעקומען. מיין יינגערע שוועסטער, עטקאַ, איז אוועק צוזאַמען מיט די עלטערן. די עלטערע שוועסטער איז גענומען געוואָרן מיט דער יוגנט. מען האָט אַלע אַוועק געפירט אין אויטאָס, פונעם הויף פון דער שופּאָ, צו די גריבער וועלכע די יידן האָבן פריער אויסגעגראָבן ביים וואַלד הינטער קאָפּיטשיניעץ — און זיי דערשאָסן.

פרייטיק — ווידער אַן אַקציע. דאָס מאָל — נאָר אויף די גאַסן. די שטובן טשעפּעט מען נישט. יעדער ייד אין גאַס איז גלייך דערשאָסן געוואָרן. פרייטיק פאַרנאַכט האָבן די מערדער געפירט צום אומקום אַ גרופּע יוגנטלעכע, וועלכע זיי האָבן נישט באַוויזן צו ליקווידירן אַ טאָג פריער. דורכן פענצטער האָבן איך אָבסערווירט זייער מאַרש צום טויט. געהערט אַפילו ווי עטלעכע מיידלעך זינגען. דאָס איז נישט געווען קיין פאַראיינצלטער פאַל. מיט אַ טאָג פריער, בעת דער אַקציע, האָב איך געהערט, ווי צוויי שוועסטערס פון דאָרף סוכאָסטאַוו, האָבן בעתן פירן זיי אין אַ גרופּע צום אומקום, געזונגען „עם ישראל חי, עם ישראל חי, חי וקיים...“

יענעם פרייטיק פאַרנאַכט איז גראַד פאַרבייגעגאַנגען אַ קריסטלעכע לוויה. האָב איך געזען פון פענצטער, ווי אַ מיידל פון די וועלכע מ׳האָט געפירט צום שיסן, האָט זיך פלינק אַריינגעדרייט אינעם לוויה־צוג און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט.

איך ווייס אויך וועגן אַנדערע פאַלן פון ווידערשטאַנד. מיר האָט דערציילט אַ חברטע, אַז בעת דער ערשטער אַקציע אין קאָפּיטשיניעץ, ווען די כאַראַקטקאָוועך זענען נאָך דאָרט ניט געווען, איז ביים אָפענעם גרוב געשטאַנען אַ נאַקעטע די שיינע, יונגע בראָניאַ בראַנ־שטיין. ווען אַן ס.ס.־מאַן האָט איר גענומען קנייפּן אַ ברוסט, האָט זי אים דערלאַנגט אַ פּאַטש. דער מערדער האָט מיטן באַגנעט איר אָפּגעשניטן אַ ברוסט און שפּעטער דער־שאָסן.

אין דער פרילינגס־אַקציע 1943, האָט די קאָפּיטשינצער יוגנט נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. נאָר זי האָט געוואָלט דאָס טאָן און געוואַרט אויף אַ מעגלעכקייט דערצו. אין שייכות דערמיט מוז איך דערציילן אַן עפּיזאָד פון פריער נאָך:

אין מערץ 1943 יאָר האָבן אין קאָפּיטשיניעץ זיך באַוויזן אַ 2—3 סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, געטיילט אויפרופן און די „פּראַוודאַ“, ווערבירט אין דער פּאַרטיזאַנקע. אויך

מיר און מיינע אַ חברטע האָבן זיי פֿאַרגעלייגט גיין אין וואַלד — נאָר כ׳האָב נישט געוואָלט איבערלאָזן מיינע עלטערן. עטלעכע יוגנטלעכע זענען מיט זיי אַוועק, נאָר מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער זיך אומגעקערט פֿון וואַלד אָן די שטיוול, שיך, זייגערלעך און בעסערן אָנטועכץ. קיין געווער האָט מען זיי נישט געגעבן, נאָר צעשלאָגן. אַזוי האָט זיך געענדיקט זייער ווילן צו קעמפֿן קעגן דייטש אין אַ סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג.

אומקערנדיק זיך צום ווייטערדיקן סיפּור פֿון מיינע איבערלעבונגען:

פֿון מיין משפּחה, ווי געזאָגט, בין איך אַליין געבליבן. כ׳האָב באַמערקט נאָך אַ פֿרוי מיט אַ קינד פֿון בוטשאַטש, וועלכע איז ניצול געוואָרן. איר מאַן, אַ שניידער, איז דערשאָסן געוואָרן אין קלאָזעט, ווו מ׳האָט אים געפֿונען אַ באַהאַלטענעם. נאָך עטלעכע יידן, וועמען ס׳איז געלונגען צו בלייבן לעבן, האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די פֿאַריתומטע און אויסגעליידיקטע יידישע היימען, זוכנדיק דאָרט פֿאַר זיך די נייטיקסטע זאַכן, כדי ווייטער זיך דערהאַלטן ביים לעבן (האָבן באַדאַרפֿט די קריסטן ראַבירן — שוין גלייכער, אַז אייגענע האָבן גענומען פֿאַר זיך די לעבנסוויכטיקע אַרטיקלען. אַזוי האָט מען געלעבט פֿון איין אַקציע ביז דער צווייטער). ווען די בוטשאַטשער פֿרוי מיטן קינד איז צוריק אַריין אין איר דירה, האָט זי אויפֿגעהויבן אַ געשריי, אַז מ׳האָט איר צוגעגנבעט אַ זאַק מיט לעדער. זי איז אַוועק מיט אַן אָנקלאַגע צום יודענראַט. אַזוי ווי איך און דערנאָך דריי יוגנטלעכע זענען געווען אין דער דירה, האָבן די יודענראַט־מיטגלידער, ראָללער און טענענבוים, באַפֿוילן דעם שעף פֿון דער יידישער אָרדנונגס־דינסט, שמעטערלינג (פֿון קאָפּיטשיניעץ), ער זאָל זיך מיט אונדז פֿאַרנעמען. דאָס איז געווען אַן אויסוואורף, הינטיש טריי געדינט די דייטשן. ער האָט מיך פֿאַרשלעפּט אין אַ קאַמער און גענומען שלאָגן אין ווילדער רציחה, געזידלט זיך און געפֿאָדערט מודה זיין, אַז כ האָב געזען ווי די דריי בחורים האָבן גענומען לעדער.

אינמיטן פּייניקן מיך און שלאָגן, האָט דער סאַדיסט שמעטערלינג זיך אָפּגעטראָגן (שפּעטער האָבן די דייטשן אים צעריסן אויף שטיקער). איך לויף אַרויס אין גאַס. עס איז אינמיטן טאָג, זונטיק, דעם 12טן יוני. די פֿויערים זענען ערשט נישט לאַנג אַרויס פֿון קלויסטער און צערקווע, זיי וואַרטן מיט זעק אויף צו רויבן יידיש האָב־און־גוטס. אַ שיסעריי און אַ יאָגן זיך נאָך יידן. אַלע אַנטלויפֿן, אָבער וווהין? איך בין אַוועק אין אַ גאָרטן מיט אַ הויכער פֿאַרצוימונג. דאָ איז די וויללע פֿון נאָוואַטשעק, דירעקטאָר פֿון דער אוקראַינישער שול. מיט דעם הויכן פּלויט האָט ער זיך געוואָלט איזאָלירן פֿון די יידן. ווי אַזוי איך בין אַריבערגעשפּרונגען די פֿאַרצוימונג — ווייס איך אַליין נישט, באַהאַלטן זיך אונטער אַ געדיכטן קוסט פֿון וויינפּערלעך. עס הייבט אָן רעגענען. ביים גאָרטן איז געווען אַ סטאַוו. אַלע מאָל הער איך ווי עמעץ שפּרינגט אַריין אין וואַסער. אויך אין גאָרטן באַהאַלט מען זיך. דער גאָרטן ווערט אַרומגעשטעלט און באַלאַגערט. נאָוואַטשעקס טאָכטער, אַ גוטע נשמה, האָט באַהאַלטן עטלעכע יידן אין סטאָדאָלע און אַליין שפּילט זי

איצט אויף דער גיטאַרע. כמעט אַלע יידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין גאָרטן און אין סטאַוו — האָט מען געכאַפּט. אַ סך זענען דערטרונקען געוואָרן. שפּעטער האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די פאַרוואַלטערין פון נאָוואַטשעקס הויז האָט געמסרט די באַהאַלטענע יידן.

אַרום 12 ביינאַכט, ווען מיר איז געוואָרן זייער קאַלט, בין איך אַרויס פון דער באַ־העלטעניש. געבלאָנקעט זיך אַ שטיקל צייט, ביז כ׳האָב אין אַ יידיש הויז געפונען דעם פּאָליציאַנט שמואליק עדעלמאַן. ער האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט צו זיך אין בונקער, נאָר אָנגעוויזן אויף אַן אַנדערן און אַליין מיך דאָרט צוגעפירט. דאָרט בין איך שוין געזעסן ביזן סוף פון דער אַקציע. דאָנערשטיק נאָכמיטאָג איז ווידער געווען אַן אַקציע. אַזוי 2—3 מאָל אין וואָך. נאָר איך בין אַלץ געזעסן אין בונקער. דערנאָך, אין יוני 1943, האָט דער יודענראַט, אויפן באַפעל פון די דייטשן, איינגעפירט אַן אָפיציעלן געטאָ אין קאָפּיטשיניעץ פאַר דעם הייפל לעבעדיקע יידן. איך האָב באַשלאָסן נישט גיין אין געטאָ.

## צוריק קיין כאָראָסטקאָוו

אַ געוויסן טאָג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיך זוכט אַרום אין קאָפּיטשיניעץ אָלענאַ וואָראָנאַ. דאָס איז געווען אַ פּרוי אין די פופציקער יאָרן, וועלכע איז ספּעציעל געקומען פון כאָראָסטקאָוו, כדי מיך נעמען צו זיך און ראַטעווען. דאָס איז געווען אַ פּרוי אַ מלאך. זי האָט מיט איר מאַן טימעק און אַן אַלטער מוטער געוווינט נאָענט פון אונדז,ביים טייך. געהאָלפן מיין מאַמען אין דער ווירטשאַפט יעדער מאָנטיק, ווען עס זענען פאָרגעקומען די יאַרידים. ווען כ׳בין געווען אַ קליין קינד, איז די פרוי וואָראָנאַ, וועמען מיר האָבן גערופן וואָראָניכע, געווען מיין גוווערנאַנטקע. זי האָט זיך דערוווּסט, אַז פון דער גאַנצער משפחה בין איך אַליין געבליבן. איצט האָבן מיר זיך געטראָפן אין קאָפּיטשיניעץ, האָרציק זיך צעקושט און צעוויינט. אירע ערשטע ווערטער זענען געווען: „גדע יאַ בודע טאָ טי בודעש, שטאָ יאַ בו דע איסטי — טי בודעש איסטי״... („ווו איך וועל זיין, וועסט דו זיין — וואָס איך וועל עסן, וועסט דו עסן״). איך האָב איר געענטפערט, אַז כ׳האָב נישט קיין געלט. איז געקומען איר תשובה: „איך פרעג דיך נישט!״.

יענעם פאַרנאַכט, ווען כ׳בין מיט אַ קליין רענצל אַוועק צו דער באַן־סטאַציע זיך טרעפן מיט דער וואָראָניכע, איז געווען אַ שטורעם. איז גרינגער געווען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. כ׳בין געווען אַזוי זיכער ביי זיך, אַז כ׳האָב ביי דער קאַסע אַליין זיך געקויפט דעם בילעט.

איך בין ווידער אין כאָראָסטקאָוו. אָלענאַ האָט מיך באַהאַלטן אויפן בוידעם. געלעגן דאָרט גאַנצע טעג, געקוקט דורכן פענצטערל וואָס עס טוט זיך אויפן גאַס. זי האָט מיר גוט געגעבן צו עסן. שפּעטער, ווען זייער לאַגע האָט זיך פאַרערגערט, איז אויך מיין עסן ערגער געוואָרן. איר מאַן, טימקאָ, איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער שיכור. אין די נעכט

פלעגט ער זיך אַוואַנטורעווען און מיך אַרויסטרייבן פון בוידעם, שרייענדיק, אַז כ'בין אַ ייִדישע. נאָר אַז כ'האָב גענומען דאָס קלומעקל און געוואָלט גיין, האָבן זיי ביידע נישט געלאָזט, אָדער אָלענאַ האָט זיך אָנגעטאָן יום־טובדיק און דערקלערט, אַז זי גייט צוזאַמען מיט מיר. טימקאָ האָט זיך באַלד אויסגעניכטערט און ביידע גענומען בעטן, אַז מיר זאָלן בלייבן. כדי מיר זאָל נישט זיין לאַנגווייליק, האָט די וואָראָניכע געבראַכט צו מיר אויפן בוידעם די 16יאָריקע פאַניע גאָלדהירש זי זאָל זיך אויסבאַהאַלטן.

אַלזאָ, עס זענען נאָך געווען ייִדן אין כאָראָסטקאָוו. נאָך די אַקציעס אין האַרבסט 1942, זענען נאָך געבליבן אַ ביסל ייִדן פון שטעטל און פון די אַרומיקע ישובים. בלויז אין משך פון איין חודש אין יאָר 1943 איז געווען אין כאָרזשָסטקאָוו אַ געטאָ. נאָכן ליק־ווידירן דאָס געטאָ, האָבן די דייטשן געשאַפן אַן אַרבעטס־לאַגער פון די ייִדישע פּאָלי־ציאַנטן, זייערע משפחות און אַנדערע ניצול־געוואָרענע, אינעם פּאָלוואַרק ביים פּאַלאַץ פון גראַף שעמיענסקי־פּאָטאָצקי. פון דעם לאַגער טאַקע האָט די וואָראָניכע מיר געבראַכט פאַניען. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן באַדאַרפט קומען איר מוטער און שוועסטער, אָבער דאָס איז ניט געשען. אַ וואָך פריער האָט מען געהייסן גראָבן גריבער. די מענטשן האָט מען איינגערעדט, אַז דאָס איז צו זאַמלען בורעקעס. אַ זונטיק פאַרטאָג, ווען די מענטשן זענען נאָך געשלאָפן אין באַראַק און אין די סטויגן היי, האָט מען אַלץ אונטער־געצונדן. דער לאַגער איז געשטאַנען אין פלאַמען. דער געוועזענער ייִדישער פּאָליציאַנט, אשכנזי, האָט מיט אַ האַק אויסגעזעצט די טיר פון באַראַק און צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע גענומען לויפן פונעם פייער. ווייט זענען זיי אָבער נישט געלאָפן. מ'האָט געשאָסן אין די מענטשן, אין דער ברענענדיקער געביידע, אַ סך האָט מען געכאַפּט לעבעדיק זיי באַפוילן זיך אויסטאָן און דערשאָסן אין די גריבער פאַר די בורעקעס... דערנאָך האָט מען מיר דערציילט, אַז איין מיידל האָט בשום אופן נישט געלאָזט זיך אויסטאָן — האָט מען זי דערשאָסן אין אָנטאָן. דאָס איז געווען פּעפּאַ פינק, דווקא אַ לייכטזיניקע. אָבער אויסטאָן זיך פאַר אַלעמען — האָט זי ניט געוואָלט.

איך מיט פאַניען זענען געבליבן אויפן בוידעם. זי איז געווען אַ פאַרשלאָסענע אין זיך, אַ קאַפּריזנע. אַ סך געקרענקט אויף טיפוס, געערעדט פון היץ. דערנאָך איז זי טויב געוואָרן, צום סוף באַקומען אַ סוועזשבע. נאָר אין די נעכט בין איך אַראָפּ פון בוידעם. טימקאָס אַלטע מאַמע, אַ פּאַראַליזירטע זקנה, וועלכע איז געגאַנגען קוים קוים אויף אַלע פיר, האָט כסדר פאַר אונדז מתפלל געווען. זי האָט געהאַט אַזאַ אויפגאַבע: אין פאַל פון אַ געפאַר, קלאַפּן אין לייטער וואָס איז געווען צוגעשטעלט צום בוידעם. פאַר מיר האָבן זיי זיך אַלע געזאָרגט. כ'האָב אַפילו באַקומען אוקראַינישע צייטונגען צום לייענען.

עטלעכע שכנים האָבן יאָ געוווּסט, אַז די וואָראָניכע באַהאַלט אויס ייִדן. דאָס איז געווען די פּוילישע פרוי באַראַנאָווסקי, ביי וועמען עס זענען געווען באַהאַלטן צוויי מיידלעך פון יאָניוו, פאַניע און מושע. די באַראַנאָווסקאַ איז אַמאָל ספּעציעל געקומען צו

דער וואָראָניכע „טאַפּן דעם דופק" צי זענען ביי איר פּאַראַן יידן. דערוויסנדיק זיך, אַז אויך דאָ זענען זיי פּאַראַן, האָט זי זיך באַרואיקט און אָפּטער אונדז באַזוכט. אויך די שכנה מולטאַנקאַ, אַליין אַ פּוילישע, די פרוי פון אוקראַינער מולטאַן, האָט ביי זיך אויס־באַהאַלטן אריה פיינשטיין פון כאַראָסטקאָוו מיט זיין פרוי, וועלכע האָט געשטאַמט פון בעסאַראַביע און זייערע צוויי יינגלעך. מולטאַנס הייזקע איז געשטאַנען אַנטקעגן דער וואָראָניכעס און פון מיין בוידעם האָב איך אַלץ געזען וואָס ביי זיי קומט פאָר.

איין מאָל איז די מולטאַנקאַ אַוועק געגאַנגען און פאַרמאַכט דאָס הויז. איך האָב געזען ווי ניט ווייט דרייט זיך נאָך אַ שכן, דער אוקראַינער פּופּקאָ, וועלכער האָט געדינט אין דער געהיים־פּאָליציי. דערנאָך האָט פאַר מיינע אויגן זיך אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד: די מולטאַנקע האָט געבראַכט דייטשן. אַ שרעקלעכער געדאַנק איז פאַרבייגעלאָפן אין מיין באַוווּסטזיין — די מולטאַנקע האָט דאָך געוווּסט וועגן אונדזער באַהעלטעניש! אַפילו איר אַלטע, 80־יאָריקע מוטער האָט געוווּסט דעם סוד, ווייל זי האָט אַמאָל, אין אַ הייסן טאָג, געזען אונדז אַראָפּ קריכן פון בוידעם. איך בין געווען זיכער, אַז דאָס מאָל זענען מיר פאַרלוירענע. טימקאָ וואָראָנאָס מוטער האָט געקלאַפּט אין אונדזער לייטער, די וואָראָניכע מיטן מאַן האָבן זיך אָפּגעטראָגן פון שטוב. איך מיט פאַניען זענען שנעל אַראָפּ פון בוידעם און זיך באַהאַלטן אונטערן בעט, אין צימער פון אונדזערע בעלי־הבתים. מיר האָבן געציטערט און גרייט געווען צו גיין צום טויט.

דערנאָך האָט מען מיר דערציילט, אַז מען האָט די פיינשטיינס אַרויס געפירט פאַרן הויז און דערשאָסן. אַלע האָבן אָבער גערעדט וועגן דער דרייסטקייט און געוואַגטקייט פון דער פרוי פיינשטיין, די בעסאַראַבערין. זי האָט געשריען צו די דייטשן אויף אוקראַיניש און דייטש: „ווי מענע אוביוואַיעטיע, נאָ ס'וואַמי זראַביאַט שטאָ ס נאַמי. מענע אוביעטיע אַ נאַראָד זשידיוווסקי וועטשנאָ בודעט זשיטי"... „דאָס יידישע פאָלק ווירד עוויג לעבען!". און זי האָט אויפגעזונגען אַ ליד וואָס האָט שטאַרק צערייצט די מערדער. זי איז די ערשטע דערשאָסן געוואָרן.

די דייטשן זענען אַוועק. מיר זענען געראַטעוועט. ביינאַכט האָט אָלענאַ מיט איר מאַן זיך אומגעקערט אַהיים. נאָך דער געשעעניש, בין איך שוין ניט געווען רואיק. אין אונ־דזער שכנות האָט אויך געוווינט דער אוקראַינער סטאַך שעווטשוק, וועלכער האָט אַליין אויסבאַהאַלטן יידן און גלייכצייטיק געוווּסט וועגן אונדזער „אכסניה". איין מאָל האָט ער זיך באַרימט פאַר די שכנים, אַז ער וועט אונדז איבערשרעקן. דאָס האָט ביי אים באַדאַרפט זיין אַזאַ וויץ... אויך אָלענאַ האָט נאָך דער געשעעניש באַשטעטיקט, אַז ס'איז געווען אַ וויץ.

פּאַסירט האָט עס דעם 30סטן סעפּטעמבער 1943. די וואָראָניכע איז אַוועק אַרבעטן אין פעלד. איך בין אין בלויזן העמד געלעגן אויפן בוידעם. פאַרן איינשלאָפן דערהער איך אַ זעצן איר טיר און געשרייען: „יודען רררראוס!". איך רייס אויס אַ שטיק שטרוי־דאַך און אין העמד שפּרינג איך אַרויס מיט פאַניען. זי האָט זיך אויסגעלענקט אַ פוס.

מיר לויפן און הערן אַ פּייפעריי און געשרייען. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר איבערגעזעסן אויף אַ שטיין, געטוליעט זיך איינע צו דער אַנדערער. אין דער פרי גייען מיר צוריק צו אַלענאַן. זי האָט אונדז געזוכט אַ גאַנצע נאַכט. מיר דערזעען טימקאָן, ער זאָגט אונדז גאָרנישט, נאָר לויפט שנעל אַריין אין שטוב. מיר האָבן זיך איינגערעדט, אַז ער לויפט אונדז אויסגעבן. מיר נעמען די פיס אין די הענט אַריין און מען לאָזט זיך לויפן; אַפילו נישט באַמערקט, אַז מ'איז צוגעקומען צום טויער פון דעם פאַררעטער פופקאָ. מיר באַהאַלטן זיך דאָרט אין אַ ווינקל. מען זיצט ווידער איבער אַ נאַכט. איך פיל נישט קיין קעלט, הגם איך האָב נישט אויף זיך מער ווי דאָס העמד.

מיר דערהערן אַ טומל, געשרייען, קללות אויף דייטש. אַ סברא, אַז די דייטשן זענען געקומען נעמען דעם תבואה־קאָנטיגענט. פופקאָ איז מיט זיי אַרומגעגאַנגען אומעטום — אָבער צו זיך וועט ער זיי נישט אַריינפירן... אַזוי איז טאַקע געשען אַ נס פאַר אונדז. ליגנדיק אין פופקאָס הויף, זענען מיר געראַטעוועט געוואָרן. אַז ס'איז געוואָרן פינצטער, בין איך אַוועק צום פּאַליאַק וואָראָנאַ. ער האָט זיך דערשראָקן, גאָר כ'האָב געוווּסט, אַז ער וועט מיך נישט אויסגעבן. געפרעגט זיך ביי אים, וואָס הערט זיך ביי טימקאָ און אַלענאַ. ער האָט מיר דערציילט, אַז דאָרט האָבן די דייטשן אַלץ איבערגעדרייט, זוכנדיק תבואה, וואָס רייכע פּויערים זאָלן כלומרשט האָבן אויסבאַהאַלטן. אַלענאַ איז אָבער פאַר־צווייפלט פון אונדזער פאַרשוווּנדן. מיר זענען אַוועק צו אונדזער רעטערין. זי האָט געוויינט פאַר פרייד און גליק. אַזוי איז שעווטשוקס וויץ געווען גראָד פאַר אונדז אַ רעטונג, ווייל די דייטשן האָבן געגישטערט אַפילו אויפן בוידעם.

## איך אַנטלויף קיין טאַרנאָפּאָל

איין מאָל, ווען די וואָראָניכע האָט מיר געוויזן איר אַלבום מיט בילדער, האָב איך דאָרט דערזען די פאָטאָגראַפיע פון איר טאָכטער זאָשע, אין מיין עלטער בערך, וועלכע איז אין אָנהייב קריג אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. איך האָב אויך געזען דאָרט אירע שול־צייגענישן. ווען די וואָראָניכע איז נישט געווען אין שטוב, האָב איך די אַלע דאָקומענטן אַרויסגענומען פון אַלבום. כ'האָב זיך געטראַכט, אַז זאָשע איז במילא אין רוסלאַנד און אַז אירע פּאַפּירן און דאָס בילד וועלן מיר אַמאָל צונוץ קומען. איין פּאַפּיר איז געווען פון דער אוקראַאינישער רעליגיעזער שול אין סטאַניסלאַוואָוו, אַרויסגעגעבן אין יאָר 1939, פאַר זאָפיאַ וואָראָנאַ.

אין אָקטאָבער 1943, נאָכן אָפּזיין צוויי חדשים ביי דער וואָראָניכע, בין איך מיט אַ קליין רענצל און „אַרישן" דאָקומענט — אַוועק פון כאָראָסטקאָוו. געוואָלט פאָרן קיין לעמבערג, נאָר אויפן וואָקזאַל אין טאַרנאָפּאָל האָב איך דערזען אַ באַקאַנטן באַן־אַרבעטער אונדזערן, דעם 40־יאָריקן פּאָליאַק, וואָס זיין נאָמען קאָן איך זיך נישט דערמאָנען. ער

איז דאָרט געווען מיט זיין פרוי. זיי האָבן געקענט מיינע עלטערן און נאָך אין קאָפּיטשי־ניעץ זיי פאַרגעלייגט מיך צו נעמען אויף דער אַרישער זייט, ווייל כ׳האָב געהאַט אַ „גוטן אויסזען״. אין יענער צייט האָב איך קיינמאָל נישט געוואָלט פאַרלאָזן מיינע עלטערן און פון אַזעלכע פּלענער האָט מען תמיד רעזיגנירט. אַז דער קאַלעיאַזש האָט מיך איצט דער־זען, איז זיין פרייד געווען אַן אויפריכטיקע, מיינענדיק, אַז כ׳בין געקומען צו אים. זיי האָבן אָבער אין דעם מאָמענט זיך געקליבן צו פאָרן קיין קראָקע. האָט ער מיר געגעבן דעם אַדרעס פון זיין בעל־הביתטע, מיט אַ פּאָר ווערטער, און געהייסן איך זאָל זיך דאָרט איינאָרדענען. צוגעגעבן מוט און איינגערוימט אין אויער, אַז אין אַ 2 וואָכן אַרום דאַרף קומען אַהער די רויטע אַרמיי.

איך געזעגן זיך מיט די גוטע פּאָליאַקן, כאַפּ אַ בליק אויפן אַדרעס — קאַטשאַלאַ־גאַס נומער 11. נאָר דערווייל גיי איך נישט אַהין. פאַרלייפּיק האָב איך אַנדערע פּלענער. איך האָב אַ געלעגנהייט צו שמוגלען און ספּעקולירן אויף דער ליניע טאַרנאָפּאָל—טרעמבאָוולע. אין טרעמבאָוולע בין איך בעת אַן אָבלאַווע אויף אויסבאַהאַלטענע יידן, שיעור ניט אריינגעפאַלן אין דייטשע הענט. אָבער לאַנג פּירן אַזאַ לעבן איז געווען צו ריזיקאַליש. מען דאַרף געפינען עפּעס סטאַבילס און זיכערס. מיין אַדרעס „קאַטשאַלא 11״ האָט במילא נישט געטויגט. איך האָב נישט געפונען די פרוי, אויסער דעם האָב איך זיך דערוווּסט, אַז גאָר נאָענט געפינט זיך אַ „פריילעך הייזל״ פאַר דייטשן.

בעת מיינע וואַנדערונגען איבער טאַרנאָפּאָל, האָב איך דערקענט אַ סך מענטשן, באַזונדערס פּרויען־שמוגלערינס און הענדלערינס. געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ יונגן פּאָליאַק, אַ שאָפער, סטאַניסלאַוו קאָוואַלסקי, אַן אָרנטלעכער קריסט. איך האָב אים דערציילט אַ מעשה, אַז איך שטאַם פון לעמבערג, מען האָט מיך אַרויסגעפירט אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד און בין פון דאָרט אַנטלאָפן. דעריבער האָב איך נישט קיין פּאַפּירן, שווער זיך איינצומעלדן. קאָוואַלסקי האָט מיך אַריינגעפירט צו אַן אלמנה נאָך אַ פּוילישן אָפיציר און ווען כ׳האָב געמוזט פון דאָרט אַנטלויפן, האָט ער מיר געגעבן אַן אַנדערן אַדרעס, צו אַ פרוי יולקע (איר צונאָמען געדענק איך נישט), אויף רינקאָווע 4.

קאָוואַלסקי האָט מיך אויך אַריינגעפירט אין זיין משפחה, באַקענט מיט אַלעמען, פאַרברענגט מיט מיר און אַ סך געהאָלפן. ער האָט געזאָגט, אַז ער פילט מיט די יידן צו־ליבן גרויסן אומגליק וואָס האָט זיי געטראָפן. סוף־כל סוף האָב איך אים אַנטדעקט, אַז כ׳בין אַ יידישקע. דאָס האָט נישט צעשטערט אונדזער פריינדשאַפט. די קאָוואַלסקיס האָבן מיך אַפילו מיטגענומען אין קינאָ.

אויף די טאַרנאָפּאָלער גאַסן האָב איך נישט איין מאָל באַגעגנט די פּוילישע פרוי, וועלכע האָט מיך געראַטעוועט פון דערשיסונג לעבן דער באַן־סטאַציע אין כאָראָסטקאָוו. ביי יעדער באַגעגעניש האָט זי אַוועק געכאַפּט דעם קאָפּ, ניט געוואָלט איך זאָל מורא האָבן, אַז קוים וועט זי מיך אויסגעבן. די דאָזיקע איידעלע און שיינע פּוילישע פרוי האָט

נאָך דער באַפרייאונג דערציילט קאָוואַלסקין (מיר האָבן זיך געטראָפן אין פוילן), אַז יעדעס מאָל ווען זי האָט מיך דערזען, איז זי גלייך אַוועק אין קלויסטער דאַנקען דעם אַלמעכטיקן וואָס איך לעב... זי האָט געהייסן מאַרילאַ און אין יענער תקופה אין טאַרנאָ־פּאָל זיך פאַרנומען מיט שמוגלעריי.

**דער מערדער ראָקיטאַ**

איין מאָל האָט קאָוואַלסקי מיר אָנגעוויזן אין גאַס דאָס געשפּענסט פון די מזרח־גאַליציִשע יידן — ראָקיטאַ. דערנאָך פלעג איך אים אָפט טרעפן אויף די גאַסן פון טאַר־נאָפּאָל, מיטן פּעיטש אין האַנט, וועלכן ר׳האָט אָפט באַנוצט. סטאַשעק קאָוואַלסקי האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט ביי ראָקיטאַן אַלס שאָפער און ער האָט מיר דערציילט מיט וואָס פאַר אַן אכזריות ער האָט געמאָרדעט יידן און דערנאָך צוגענומען זייערע פאַרמעגנס. ווי נאָר איך האָב דערזען ראָקיטאַן, איז מיר דאָס האַרץ אַנטפאַלן געוואָרן פון שרעק. איך האָב דעמאָלט געשוווירן, אַז אויב כ וועל דערלעבן דעם סוף פון קריג, וועל איך זיך אין אים נוקם זיין. איך האָב בכלל געזוכט נקמה צו נעמען אין די דייטשע מערדער. אַזעלכע ניט קלוגע געדאַנקען האָבן זיך געדרייט אין קאָפּ.. נאָר דערווייל האָט מען געמוזט פאַר די דייטשן אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן.

איז מען אַוועק אויף קוואַרטיר צו דער פוילישער פרוי יוליאַ (יולקאַ). זי האָט געוווינט אין קיך מיט איר אומגעזעצלעך קינד, מיר האָט זי אָפּגעגעבן דאָס צימער. אַלס שמוגלערין האָב איך אָפט און אויף לאַנג געדאַרפט אַרויס פאָרן. דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט געהאַט קיין סך געלט צום האַנדלען און כ׳וואָלט אויך נישט ריזיקירט מיט גרויסע איינקויפונגען, ווייל די סחורות זענען אָפט קאָנפיסקירט געוואָרן. אָנגעטאָן בין איך געווען פונקט ווי דער רוב שמוגלערס אין יענער תקופה: אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ, אַ גרויסן טאַש אין האַנט. איך פלעג אָפט קויפן אַ בילעט ביז איוואַן פוסטי — די לעצטע סטאַציע פון דער טאַרנאָפּאָלער ליניע, דאָרט איבערזיצן די נאַכט, פאָרן אויף נאָך עטלעכע סטאַציעס — און אין עטלעכע טעג אַרום קומען אַהיים, אַבי נישט וועקן קיין פאַרדאַכט. אָבער גענוג שרעק האָב איך איבערגעלעבט בעת יעדער נסיעה.

איין מאָל בין איך אין באַן־קופּע געזעסן מיט אַן אוקראַאינער. כ׳האָב זיך שטענדיק באַמיט צו זיין מיט די פּאָליאַקן — אַ פּוילישע, און מיט די אוקראַאינער — אַן אוקראַאינערין. פּלוצים — אַ רעוויזיע אויף דער באַן. באַן־אַרבעטער מיט געסטאַפּאָ־לייט. דער אוקראַאינער לעגיטימירט זיך מיט זיין קענקאַרטע, איך — איך מיט מיין שול־צייגעניש. זיי קוקן מיר אין די אויגן, באַראַטן זיך, פאַרשן. איך מאַך זיך ניט וויסן, שפּיל די ראָל, אַז כ׳פאַרשטיי נישט קיין וואָרט דייטש. דער אוקראַאינער זעצט איבער. די קאָנטראָל גייט אַוועק. זיי קומען אָבער באַלד צוריק. נאָר אַ דאַנק דעם אוקראַאינער לאָזן זיי מיך אָפּ.

דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט געזוכט זיין שוועסטער אין טאַרנאָפּאָל — נאָר קיינעם נישט געהאַט אין שטאָט. איך, אויס דאַנקבאַרקייט, האָב אים געגעבן דעם אַדרעס אויף רינקאָווע 4. אין אַ חודש אַרום, ווען כ׳האָב שוין פון לאַנג געהאַט פאַרגעסן די גאַנצע געשיכטע, האָט דער דאָזיקער אוקראַינער, נישט ווילנדיק, ווידער מיר געטאָן אַ טובה.

יולקאַ האָט אָפּט אויפגענומען ביי זיך אין קיך מענער. איך בין געווען אויף אַזוי פיל נאַיוו, אַז עס האָט אַ סך צייט גענומען ביז כ׳האָב זיך געכאַפּט מיט וואָס אייגנטלעך יולקאַ באַשעפטיקט זיך... פון איִרע געסט דערמאָן איך זיך אַ געוויסן פּאָליאַק, מאַריאַן, וועלכער האָט געדינט אין קריפּאָ. ער האָט אַוודאי נישט אין ייִד געהאַט אויף זיין געוויסן, ווייל ר׳האָט זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז אין דער פּאָליציי האָט ער זיך ספּעציעל געלערנט ייִדיש, כדי קענען כאַפּן ייִדן. ער האָט מיר אַפילו עפּעס אָנגעשריבן אויף ייִדיש און געוויזן, האָב איך דאָס פּאַפּירל ספּעציעל איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, כלומרשט איך ווייס גאָרנישט אין דער דאָזיקער שפּראַך. מאַריאַן האָט זיך געוואָלט צו מיר דערנענטערן, ווייל מיין אויסזען האָט אים דערמאָנט אין גאַנצן זיין שוועסטער. אים איז נישט איינגעפאַלן, אַז איך בין אַ ייִדישע טאָכטער.

יוליאַ האָט מיר געגעבן אָנצוגעהערן, אַז זי וויל מיך אַריינציִען אין איר „געזעלשאַפט“, אַז זי אָרדנט איין ביי זיך אין צימער אַ גרויסן באַל. עס דאַרפן קומען עטלעכע מענער און אירס אַ חברטע. זי האָט דורכויס געוואָלט, אַז איך זאָל בלייבן אויף דעם אָוונט, הגם כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז דער באַל וועט זיך ענדיקן מיט אַן אָרגיע.

דער טאָג איז געקומען. איך האָב איר געהאָלפן באַקן און קאָכן. הגם דאָס האַרץ איז געווען פאַרחלשט פון הונגער, האָבן אירע מאכלים אַרויסגערופן ביי מיר אַן עקל. און די מורא איז געווען גרויס. איך האָב מתפּלל געווען צו דער מאַמען, אַז עס זאָל געשען אַ נס (שטענדיק האָב איך געבעטן ביי אונדזער גאָט און אויף אונדזער לשון, אַפילו ווען כ׳האָב געקניט אין קלויסטער). מיט אַמאָל עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין דער יונגער אוקראַינער, וועמען כ׳האָב באַדאַרפט העלפן אויפזוכן די שוועסטער. אַ גליקלעכע בין איך מיט אים אַוועק אין שטאָט. מיר איז געלונגען אויסצומיידן דעם „באַל“ ביי דער פּראָסטיטוטקע יוליאַ.

דעם אוקראַינערס שוועסטער האָט געוווינט הינטערן באַן־בריק, זי האָט זיך מיט אונדז דערפרייט און גאַסטפריינדלעך פאַרבעטן צו בלייבן. צוליב דער פּאָליצייאישער שעה, איז געווען אוממעגלעך צו גיין אַהיים. בין איך שוין דאָ געבליבן נעכטיקן. אין דער פרי אַוועק צוריק צו יוליאַן — און ס׳איז מיר באמת געשען אַ גרויסער נס: די אָנגעשיכורטע און צעהוליעטע געזעלשאַפט האָט מיט אירע געשרייען און טומל צוגעצויגן די געסטאַפּאָ, וועלכע האָט בלויז יוליאַן איבערגעלאָזט אין שטוב, ווייל זי האָט געהאַט אַ „ביכעלע“. דאַקעגן די מענער און יוליאַס חברטע, ווייל זי איז געווען אָן אַ ביכעלע, האָט

מען אַרעסטירט. די דייטשן האָבן אויך אַדורכגעפירט אַ גענויע רעוויזיע אין דער דירה. איך האָב געטראָפן מיין צימער ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

כ׳האָב געפילט, אַז ווייטער דאָ לעבן איז פאַר מיר אוממעגלעך. אַ געוויסע נאַכט האָבן די דייטשן אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר, ווייל זיי האָבן געזען ווי ס׳איז צו אונדז אַריין אַ דייטש. דאָרט זענען געווען צוויי טירן; די ערשטע האָבן זיי געהאַט אויפגעריסן. איך האָב זיך געגרייט צו אַ זעלבסטמערדעריש אַנטלויפן, ווייל כ׳האָב באַדאַרפט שפּרינגען פון אַ דריטן שטאָק. אין דער לעצטער מינוט האָבן די דייטשן באַמערקט אַ פּאַס ליכט פון יוליאַס צימער. זי האָט זיך שוין מיט זיי צונויפגערעדט — זענען זיי אַוועק איך בין ווידער אַ געראַטעוועטע.

נאָר אַנטלויפן פון יוליאַן מוז מען פאָרט. איך האָב זיך איבערגעקליבן צו אַן אוקראַינישער משפּחה, די זאַגורסקיס. די פרוי איז אויך געווען נאָענט צו דער אונטערוועלט, הגם נישט קיין שלעכטע. זייער הויז האָט זיך געפונען אַנטקעגן דער אוקראַינישער פּאָליצײ. מיט די מונדירטע פאַרשוינען האָב איך זיך אָפט געטראָפן ביים ברונעם און ניט איין מאָל האָבן זיי מיר געהאָלפן שלעפּן די עמערס מיט וואַסער. כ׳האָב געהאַט שוועריקייטן מיטן איינמעלדן זיך, דערנאָך האָבן די דייטשן אָפט אַדורכגעפירט רעוויזיעס און אָבלאַוועס, ווייל פון זייער אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן אַ דעזערטירערײ. די זאַגורסקיס זענען אויך געוואָרן פאַרדעכטיקט בנוגע מיין נאַציאָנאַליטעט. אַ געוויסע נאַכט, ווען כ׳האָב זיך געמאַכט שלאָפן, הער איך בפירוש ווי די אַלטע זאָגט צו איר מאַן: „ווינאַ זשידיווקאַ“.. איך באַשליס פון זיי צו אַנטלויפן.

## פון טאַרנאָפּאָל צוריק קיין כאָראָסטקאָוו

קוים דערוואַרט זיך דעם באַגינען געוואָלט פון דער זאַגורסקיס פנים אַרויסלייענען, צי זי האָט מיך שוין אויסגעגעבן. שטיל זיך אַרויסגעגנבעט פון דער קיך אין קאָרידאָר, ווו ס׳איז געשטאַנען גרייט אַ קליין רענצל. אויפן גאַס האָט מען געזען, אַז די דייטשן אַנטלויפן, דער פראָנט דערנענטערט זיך. דאָס איז געווען דעם 1טן פעברואַר 1944. נאָר אַ געפיל האָב איך געהאַט, אַז אין טאַרנאָפּאָל זעט מען נישט, אַז די רוסן זאָל אַזוי שנעל קומען. איך באַשליס זיך אומצוקערן קיין כאָראָסטקאָוו. מיך האָט געוואַרט אַ גענוג לאַנגער וועג אין ווינטער, אַרום 60 קילאָמעטער ביזן זברוטש, ממש אויף דער פראָנט־ליניע. אין אַן אוקראַיניש טיכל אויפן קאָפּ לאָז איך זיך אין וועג אַריין.

איין מאָל האָב איך אויפן וועג באַגעגנט אַ דייטשן מיליטערישן אויטאָ. זיי האָבן מיך אויפגענומען און געפירט אַ שטיק וועג. געפּרוּווט מיט מיר ריידן אין אַ געבראָכענעם פויליש און רוסיש. שפּעטער ווידער האָב איך געטראָפן אַן עלעגאַנטן אויטאָ, ווו עס איז געזעסן אַ הויכער אָפיציר. ער דערלויבט מיר אַריינגיין. אין מיקולניצע פאַרפאָרט דער אויטאָ

גלייך פאַרן הויז פון דער געסטאַפּאָ. אַלץ שטאַרבט ביי מיר אָפּ. איך גליטש זיך אַרויס פון אויטאָ, באַדאַנק העפלעך דעם אָפיציר — און טראָג זיך אָפּ (דערנאָך האָב איך זיך דערוווסט, אַז איך בין געפאָרן צוזאַמען מיטן ס.ס.־תליין פון מזרח־גאַליציע, מיללער).

נאָכן מאַרשירן עטלעכע טעג אויף מזרח און אויסמיידן די דערפער נאָענט פון כאַראָסטקאָוו, ווו מען האָט מיך געקענט — בין איך ענדלעך אָנגעקומען אין מיין געבוירן־שטעטל. איך בין גלייך אַוועק צו אָלענאַן. זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט, געקושט. ביי איר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און אָפּגעראַטעוועט דריי יידישע מיידלעך: פאַניע גאָלד־הירש און די שוועסטערס חוה און מאַטילדע קרענקעל. איצט זענען מיר געווען פיר: חוה איז געלעגן באַהאַלטן אויפן אויוון, פאַניע — אין דער ביבליאָטעק־שאַנק, איך און מאַטילדע זענען אָן באַוועגונג געלעגן אויפן פאַרבעטן בעט — אונטער צוויי פערענעס. פרויען זענען געקומען צו אָלענאַן, געפּלוידערט מיט איר אַ סך, דער עיקר וועגן יידן... מיר האָבן אַלץ געהערט, אַז ס׳איז אַזש פינצטער געוואָרן אין די אויגן. שפּעט ביינאַכט איז מען אַרויס פון די באַהעלטענישן זיך אויסגלייכן די ביינער. און וויפל שרעק האָט מען איבערגעלעבט, ווען טימקא האָט זיך אַנגעשיכורט. געזונגען אַנטי־דייטשע לידלעך, געדראָט היטלערן און דער אוקראַינישער פאָליציי. אָבער ווי שיכור ער זאָל נישט זיין, האָט ער תמיד אין זינען געהאַט אונדז נישט צו פאַראַטן מיט אַן אומפאָרזיכטיקע האַנד־לונג, אָדער אַן איבעריק וואָרט.

דעם 22סטן מערץ 1944 זענען אַריין די סאָוויעטן. מיר זענען געראַטעוועט. (פאַניע לעבט איצט אין אַרגענטינע, די שוועסטער קרענקעל אין די פאַר. שטאַטן).

נאָך דער באַפרייאונג זענען געקומען אין שטעטל נאָך פינף יידן. בסך־הכל האָבן פון כאָראָסטקאָוו זיך אָפּגעראַטעוועט אַכט יידן. אַ געוויסע צייט בין איך געווען לערערין, שפּעטער זיך רעפּאַטריאירט קיין פוילן, אַוועק קיין ווראָצלאַוו, דערנאָך קיין וואַלבזשיך, ווו כ׳האָב אין יאָר 1947 חתונה געהאַט מיט יעקב קיפּערמאַן פון ראַדזשיווילוו. אין יאָר 1950 זענען מיר מיט צוויי קינדער עולה געווען קיין ישראל און איינגעאָרדנט אונדזער היים אין הרצליה.

# טראגישער גורל פון עטלעכע יידישע משפחות

חייה זשידאָוויצקי / חיפה

וועגן טראַגישן גורל פון אייניקע יידישע פאַמיליעס אין כאַראָסטקאָוו, וועלכע זענען אומגעקומען על קידוש השם דורך די דייטשע רוצחים ימ״ש און וועגן אומקום פון מיין משפחה — איז מיר באַקאַנט געוואָרן פון דער דערציילונג פון דער פאַמיליע כּריד:

מיינע עלטערן קלמן און יהודית בלייך, די קינדער יוסף און זלמן מיט זייערע משפּחות, זענען געווען באַהאַלטן אין קעלער פון יוספס הויז. האָבן די קריסטן פאַרמסרט דאָס באַהעלטעניש — און מ׳האָט די יידן פון דאָרט צוגענומען. בלויז מיין פאָטער און זלמנס פרוי, צילאַ, איז געלונגען צו באַהאַלטן זיך אין אַ פּאַס — און זיי זענען דעמאָלט ניצול געוואָרן.

יענעם טאָג איז פאָרגעקומען איינע פון די אַקציעס. אַלע יידן פון שטעטל האָט מען צונויפגעטריבן אויפן רינעק, ווו זיי האָבן באַדאַרפט זיצנדיקערהייט וואַרטן ביזן אַוועק־פירן צו די גריבער. אָבער יוספס יינגסטע קינד, מוליע, איך געדענק נישט וויפל ער איז אַלט געווען, האָט זיך אויפגעהויבן און אָנגעהויבן אַרומגיין. האָט אַ דייטש אים דערהרגעט, קלאַפּנדיק מיטן קעפּל אין אַ טעלעפאָן־סלופּ.

יוסף, זלמן און פרידזשאַ האָט מען אַוועק געשיקט קיין לעמבערג, אין געטאָ. זיסלען און טאָנטשען — קיין אוישוויץ. ווען עס האָט זיך איינגעשטילט נאָך דער דאָזיקער אַקציע, איז מיין פאָטער און צילאַ אַרויס פון קעלער. צילאַן האָט פריד אָפּגעפירט קיין סקאלאסט, ווו זי איז אומגעקומען מיט אירע עלטערן. מיין פאָטער האָט מען מיט נאָך יידן פאַרטריבן קיין קאָפּיטשיניעץ, דאָרט איז ער געווען אין אַ שפּיטאָל. ערב פסח 1943 — איז ער אומגעקומען.

מיין טאַטנס ברודער, יחיאל, זיין פרוי בתיה, זייערע דריי זין: חיים (מיט זיין פרוי פייגע), מוליע, זלמן און זיין מיידעלע — זענען אויך אומגעקומען. אין טאַרנאָפּאָל זענען אומגעבראַכט געוואָרן: מיין שוועסטער זיסל מיט איר מאַן מאָטל און צוויי זין אלי און מענדל. איך בין נישט אימשטאַנד אויסרעכענען די גרויסע משפחה אונדזערע, קרבנות פון די נאַציס. מיין משפחה האָט געציילט מער ווי 100 פּערזאָן און געוווינט אין עטלעכע שטעט. מיין ווייטיק איז זייער גרויס ביזן היינטיקן טאָג.

ציפּקע שרייבט מיר אַז מאַרקוס נעפּפּע און יוזשאָ טענענבאַום, זענען געווען אין דער פאַרטיזאַנקע. יוזשאָ האָט דערהרגעט עטלעכע דייטשן. פון איין פאַרטיזאַנישער אויפגאַבע זיך ניט אומגעקערט. די פאַמיליעס גלאַזנער און ווייסבראָדט זענען ביי דעם וואַלד אין קאָפּיטשיניעץ דערשאָסן געוואָרן.

יוספס זון, דודטשע, איז געווען באַהאַלטן ביי אַ קריסט אויפן בוידעם. 2 וואָכן פאַרן אַריינקום פון דער רויטער אַרמיי, איז די באַהעלטעניש אַנטדעקט געוואָרן דורך אַרטיקע פּאָליאַקן, צי אוקראַינער — און ער, צוזאַמען מיט נאָך זיבן אויסבאַהאַלטענע יידן, האָט מען אַוועקגעפירט אין וואַלד און דערשאָסן.

## איבערגעלעבט אין לאגער

יצחק גאָלדפּליס / ניו־דזשערסי

די דייטשן זענען אַריינגעקומען קיין כאָראָסטקאָוו דעם 5טן יולי 1941. באַלד נאָכן אַריינמאַרש, האָבן זיי אויסגעהרגעט 22 יידן, דערונטער מיין משפחה. זיי האָבן תיכף אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די יידן. די אוקראַאינער האָבן גלייך איבערגענומען די מאַכט.

שפּעטער מיט צוויי וואָכן, זענען געקומען די ס.ס. זיי האָבן צונויפגענומען (צוזאַמענגערופן) די יידן אין דער גמינע, און געוואָלט מאַכן אַ פּאָגראָם. נאָר דער בירגערמייסטער וואַסילענקאָ האָט נישט דערלאָזט דערצו. אַזוי האָט מען געלעבט אין שרעק און פּחד. מען האָט אָרגאַ־ניזירט דעם יודענראַט. דורך אים פלעגט מען אַלע מאָל פאַרלאַנגען נייע זאַכן: געלט, מעבל, מענטשן צו דער אַרבעט און צום סוף — מענטשן אין די לאַגערן.

מען האָט מורא געהאַט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס, אויב עס פלעגט אָנקומען אַ דייטש, פלעגט ער מערדערלעך שלאָגן.

די אוקראַאינישע פּאָליציי האָט יעדן געטרייבן גיין צו דער אַרבעט, רייניקן די גאַסן, וואַרפן דעם שניי פון איין אָרט אויף דעם צווייטן. פון דאָרט האָט מען מיך מיט נאָך 82 יידן אַוועק גענומען אין לאַגער, ווו ס'איז מיר געלונגען איבערצולעבן די קריג.

## מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן

פאַניע כץ־גאָלדהירש

איך ווייס, אַז מיט דער פעדער קען מען נישט באַשרייבן און אויסדריקן דאָס וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. אָבער איך וועל פּרובירן.

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן, איז עס געווען די שרעקלעכסטע תקופה פאַרן פּוילישן יידנטום. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס עס האָט אויף

אונדז געמאַכט דער בלויזער אויסזען פון די מערדערס. שוין אין ערשטן טאָג זענען געווען אַ סך קרבנות.

די ערשטע פאַראָרדענונג זייערע איז געווען: אָרגאַניזירן דעם יודענראַט אין ווע־מענס שפּיץ עס איז געשטאַנען שמואל קימעל. דאָס איז געווען אַ יידישע אינסטאַנץ, וואָס האָט געדינט דייטשישע אינטערעסן. זיי האָבן באַוווּסט געמאַכט, אַז יעדע פאַראָרדענונג מוז מען גענוי אויספירן און פאַר דעם קלענסטן ווידערשטאַנד דראָט טויט־שטראָף. דערצו האָט מען תמיד געגעבן אַ קורצע צייט אויף אויספילן די פאַראָרדענונג. קודם האָט מען באַפוילן אָפּצוגעבן דאָס גאַנצע גאָלד, ביזשוטעריע, פוטערס. מיר האָבן געמיינט, אַז דערמיט וועלן מיר אויסקויפן אונדזערע נשמות, לײַדער איז עס געווען נאָר אַ חלום.

שפּעטער האָט מען גענומען אַלע יידן צו פאַרשידענע שווערע, פיזישע אַרבעטן, יונגע מיידלעך — צו וואַשן די פּאָדלאָגעס און אַנדערע הויז־אַרבעטן.

איין מאָל האָט מען געהייסן 300 מענטשן רייניקן דעם שניי, גלייך פון דער אַרבעט האָט מען זיי פאַרנומען אין אַרבעטס־לאַגער סטופּקי. כמעט אַלע זענען דערנאָך אומגעקו־מען פון די מערדערישע הענט, צי פון טיפוס.

דער 19טער אָקטאָבער (די שרעקלעכסטע דאַטע!) איז געווען דער אויסברוך פון ערשטן אָפיציעלן פּאָגראָם אין כאַראָסטקאָוו. מיר האָבן זיך פריער צוגעגרייט בונקערס. אַ טייל פון זיי איז געווען אַזוי געמאַכט, אַז ס׳איז שווער געווען צו אַנטדעקן.

אינעם בונקער וווּ איך בין געווען, זענען געלעגן באַהאַלטן אַרום 50 פּערזאָן און אַ קליין קינד. פאַר פּחד מען זאָל אונדזער בונקער נישט אַנטדעקן, האָט די מוטער פון קינד אַליין עס דערשטיקט...

לײַדער, אויך די פּוילישע און אוקראַינישע באַפעלקערונג, ווי אויך געוויסע יידן, האָבן אָנטייל גענומען אין דעם, אַז מ׳האָט 75 פּראָצענט פון די כאַראָסטקאָווער יידן אַרויסגעפירט אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן.

איך האָב דעמאָלט פאַרלוירן מיין פאָטער. אַ פּוילישער יוגנטלעכער האָט דערציילט די דייטשן, אַז אין דעם דאָרף ווו מיר זענען אַנטלאָפן, געפינען זיך יידן. דעמאָלט האָט מען מיין פאָטער דערשאָסן. ווי שנעל עס שרייבט זיך וועגן דעם, אָבער ווי שווער עס איז געווען דאָס איבערלעבן...

די פאַרבליבענע האָט מען צוזאַמענגענומען אין קאָפּיטשיניעץ און דאָרט, אין געטאָ, האָבן זיך אָנגעהויבן נייע יסורים. מיר זענען טעג און נעכט געזעסן ביי די פענצטער און געוואַרט אויף נייע פּאָגראָמען. פון צייט־צו־צייט איז געלונגען עפּעס צו טוישן פון אונ־דזערע פערזענלעכע זאַכן, וואָס מיר האָבן אָפּגעראַטעוועט, אויף אַ ביסל שפּייז. מיר האָבן געוווינט אין שטאַלן, אין שרעקלעכע אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען. עס האָט אָנגעהויבן צו בושעווען אַ געפערלעכע טיפוס־עפּידעמיע. צום סוף איז ווייטער געקומען אַן אַקציע.

מען האָט אונדז געהייסן אויסטאָן, דערנאָך דערשאָסן, ווייל פאַר זיי איז נישט געווען גענוג דער טויט — זיי האָבן געוואָלט נאָך מאַכן בושות.

אויף דעם פּאָלוואַרק אין כאַראָסטקאָוו געפינען זיך 300 קדושים, וועלכע זענען נאָך לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן. איך אַליין האָב אַ סך מאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן און מיט נסים איז מיר אַלע מאָל געלונגען צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן. איך פלעג זיך טרעפן מיט געציילטע מענטשן, ניצול־געוואָרענע אויף דעם זעלבן וועג. געלעבט האָט מען פון דעם, וואָס מיר פלעגן ביינאַכט געפינען אויף די פעלדער, ווי פאַרפוילטע קאַרטאָפל און אַנדערע געוויקסן.

מיר זענען ווידער אַריינגעפאַלן אין אַן אַרבעטס־לאַגער, דעמאָלט בין איך נאָך געווען מיט מיין מאַמען און שוועסטער. מיר האָבן שטאַרק געוואָלט לעבן. נאָר דער וואָס האָט דאָס אַלץ דורכגעמאַכט, קען פאַרשטיין ווי גרויס עס זענען געווען די יסורים דאָס אַלץ איבערצולעבן. מיר האָבן צופעליק געטראָפן אַ קריסט, וועלכער האָט אונדז פאַר געלט געוואָלט ראַטעווען, אָבער נישט אַלע צוזאַמען. מיין מאַמע האָט מיר געשענקט צו זיין די ערשטע. מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן צוריק קיין כאַראָסטקאָוו, וווּ איך האָב נאָך אַ געוויסע צייט זיך אויסבאַהאַלטן, ביז די סאָוויעטישע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט.

## דער אונטערגאַנג פון אַ יידישן ישוב

### חנה זינעמאַן (מאַרגוליס־קלאַר)

דעם 2טן יולי 1941 האָבן אין כאַראָסטקאָוו זיך באַוויזן די ערשטע מאָטאָריזירטע אָפּטיילונגען פון דער דייטשער אַרמיי. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דאָס גאַנצע שטעטל איז פול געוואָרן מיט זייער מיליטער. בעת די יידן האָבן אין יענע טעג איבערגעלעבט טויט־שרעק און דאָס בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן ביי יעדער איינעם, אַזוי זענען די אוקראַינער און פּאָליאַקן גרייט געווען אַליין דורכצופירן אַ פּאָגראָם איבער דער יידישער באַפעלקערונג און דערביי רויבן און מאָרדן. זיי זענען געקומען אין שטעטל באַוואָפנט מיט העק, מעסערס און זעק.

די דייטשן האָבן אָבער ניט געוואָלט עמעצן צולאָזן די בכורה פון מאָרדן יידן. אין זייער ערשטן „אויפטריט" האָבן זיי אומגעבראַכט אַ צוואַנציק יידן, צווישן זיי: לייזער נאַגלער, זלמן ברייער, די גאַנצע פאַמיליע גאָלדפליס, ישראל באָמזע און זיין פרוי, פייוול שפּוזניק, ישראל, אברהם אוןביילע מאַרגוליס, אברהם ציידען און אַנדערע.

נאָך דער רציחה, איז די פּאַניק און שרעק נאָך גרעסער געוואָרן. נאָר צו לויפן איז ניט געווען ווו, ווייל די קריסטן, פון קליין ביז גרויס, האָבן באַלד אָנגעוויזן אויף אַ גע־רודפטן און געפלאָגטן ייד. אַזוי איז אַריבער די ערשטע וואָך פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

שבת איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מיט בערד זאָלן זיך צושטעלן צו דער גמינע. פון דאָרט האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין כאַראַסטקאָווער פּאַלוואַרק און געצוואונגען צו באָדן זיך אין קי־צואה און אַנדערע שמוציקייטן. די אוקראַינער און דייטשן האָבן שוין צוגעטראַכט נייע המצאות, ווי אַזוי פייניקן און דערנידעריקן די אומגליקלעכע יידן.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן דער יודענראַט. דערנאָך האָט דער ראַט באַקומען אַ באַפעל צושטעלן 150 יידן אויף אַרבעט אין סטופקער לאַגער. דאָרט האָבן די קרבנות געהאַט אויסצושטיין קלעפּ און פייניקונגען ביי דער אַרבעט און ביי גאָר קנאַפּן עסן. די צאָל שקלאַפן־אַרבעטער אין סטופקי איז פון טאָג־צו־טאָג קלענער געוואָרן און עס זענען כסדר אָנגעקומען פאָדערונגען אויף נייע „קאָנטיגענטן". אונדזערע פרויען האָבן ריזיקירט מיטן לעבן און פלעגן אַהין באַזאָרגן אַ ביסל שפּייז פאַר זייערע מענער, צוריק ברענגענדיק ביטערע גרוסן פון דעם סטופקער גהינום.

אַ צווייטער טראַנספּאָרט יידן פון כאַראַסטקאָוו איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין קאַמיאָנקע, ערב פּורים 1942. די וואָס זענען געבליבן אין שטעטל, האָט מען יעדער טאָג געטריבן צו פאַרשידענע שווערע אַרבעטן, ווי שאַרן שניי, לייגן באַן־רעלסן, רייניקן און ברוקירן די גאַסן. נאָר ביז גאָר דערשיטערנדיק זענען געווען די ידיעות פון די לאַגערן. מיין פעטער, יצחק מאַרגוליס, האָט אונדז געשיקט אַ בריוו וועגן די פייניקונגען, וועלכע ער און נאָך יידן האָבן אויסצושטיין אין לאַגער. איך געדענק דעם אינהאַלט פון דעם בריוו:

„דאָס פאָרן אין לאַגער איז אַדורך גאַנץ רואיק. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז מיר פאָרן בלויז אויף 6 וואָכן, דערנאָך וועט מען אונדז אָפּשיקן אַהיים. ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין קאַמיאָנקע און ווי נאָר מ איז אַראָפּ פון די אויטאָס, איז מען אונדז באַפאַלן מיט שטעקנס, נאַהייקעס און קאָלבעס פון ביקסן, שלאָגנדיק אָן רחמנות. דערנאָך האָט מען אונדז צונויפגעדרענגט אין איין צימער, אַז מ'האָט קוים געקענט דעם אָטעם כאַפּן. שפּע־טער האָט זיך אָנגעהויבן די פערזענלעכע רעוויזיע ביי יעדן איינעם. ביי אַ טיש זענען געזעסן געסטאַפּאָ־לייט און אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן. יעדער פון אונדז האָט באַדאַרפט דאָרט צוגיין און אויסליידיקן די טאַשן, לאָזן זיך דערנאָך באַזוכן און צום סוף אַריינכאַפּן אַזוי לאַנג קלעפּ, ביז בלוט האָט אָנגעהויבן רינען. דעם זעלבן אָוונט האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן אויף אַ הויף, אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט. אַרום און אַרום — אַ שטאַרקע וואַך. די דייטשן האָבן אונדז געפּייניקט, געשלאָגן, באַפוילן צו טאַנצן און דערביי ניט איינעם דערשאָסן אָדער צעשלאָגן ביז טויט. אין דער פרי האָט מען ווידער מיט קלעפּ און זידלערייען געטריבן צו דער אַרבעט, נאָר פריער צוגענומען אַלע וואַרעמע

קליידער. דייטשן מיט נאַהייקעס אין די הענט האָבן געשלאָגן איבער די קעפּ און געשריען „שנלער, שנעלער!“.

דאָס איז געווען דער ערשטער און לעצטער בריוו פון מיין פעטער. אין אַ וואָך אַרום איז אונדז באַוווּסט געוואָרן, אַז ער לעבט שוין ניט.

אין יענער צייט האָט מען אין שטעטל אָנגעהויבן צונויפשטעלן טראַנספּאָרטן פון מיידלעך צו שיקן אין די לאַגערן און אויף פעלד־אַרבעטן. ווען די דייטשן האָבן געפאָדערט פון יודענראַט נאָך 100 מיידלעך, זענען אַ סך יידישע טעכטער ניט געשלאָפן אין דער היים. אַז די רוצחים זענען געקומען זיי נעמען, לויט דער רשימה פון יודענראַט, האָט מען אַוועקגעפירט די מוטערס, אָנשטאָט די אויסבאַהאַלטענע טעכטער. דעמאָלט האָט מען אויך מיך פאַרהאַלטן און כ׳האָב דערביי געהאַט אַ מעגלעכקייט איבערצוצייגן זיך ווי טריי אונדזער יידישע פּאָליציי האָט געדינט די דייטשן.

די גרופּע מיידלעך צווישן וועלכער איך האָב זיך געפונען, איז אויף בייַנאַכט פאַר־שפּאַרט געוואָרן אין דער שול. מיין פעטער האָט געוואָלט פון דאָרט מיך אַרויסבאַקומען, ווייל ר׳האָט געוווּסט, אַז דער גוטער אוקראַיִניש וועלכן איך רייד און דער „אַרישער“ אויסזען, וועלן מיר אפשר דערמעגלעכן זיך אַרויסצודרייען פון די רוצחישע הענט. נאָר דער עלטסטער פון יודענראַט האָט אויסגעלאַכט מיין פעטער, ווען ר׳האָט אים געבעטן מיך באַפרייען בעתן געשפרעך איז געווען אָנוועזנד שולקע ראָזענשטרייך (שולקע גנב), וועלכער האָט בזה הלשון זיך געווענדעט צום יודענראַלטער:

— איך זע, אַז דו האָסט אַ פאַרגעניגן צו העלפן אויסראָטן די יידן מיטן שורש. האָב אַ ביסל הארץ, זע אַז עס זאָל ווער בלייבן, כדי דאָס פאָלק זאָל קענען ווייטער עקזיסטירן...

זיצנדיק בייַנאַכט אין שול, האָט מיין מוטער און איך, ווי אַלע אַנדערע פאַרשפּאַרטע פרויען, געבעטן ביי גאָט עס זאָל געשען אַ נס. איך באַשליס צו אַנטלויפן. מיט דער הילף פון אַ שטריק זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן הויכן פענצטער און פון דאָרט זיך אַראָפּ געלאָזט. נאָר די אוקראַיִנישע פּאָליציי האָט מיך געכאַפּט. דערנאָך איז מיין פאָטער גע־לונגען מיך אויסטוישן אויף מיין יינגערע 12־יאָריקע שוועסטער. ער האָט געגלייבט, אַז זי, אַלס קינד, וועט מען באַלד באַפרייען. דער אויסטויש איז פאָרגעקומען 1 אַ זייגער בייַנאַכט. איך בין אַוועק אַהיים מיט אַ שווער הארץ. מיין שוועסטערל האָט מען דאָך אָפּ־געפירט אין לאַגער, נאָר מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז איר געלונגען פון דאָרט צו אַנט־לויפן. אַ וועג פון איבער 60 קילאָמעטער האָט זי אַדורכגעמאַכט צופוס.

צומאָרגנס איז געקומען צו אונדז אין שטוב אַ פּאָליציאַנט און געמאָלדן, אַז ס׳איז נאָר וואָס אָנגעקומען אַ טעלעפאָן פון לאַגער וועגן איר אַנטלויפן. איך מוז שוין זיך צו־שטעלן אויף איר אָרט. בלית־ברירה בין איך אַוועק אויף דער קאַטאָרגע, שווער און ביטער געהאָרעוועט און אויסגעשטאַנען אַ סך צרות. ביז אַ געוויסן פרימאָרגן האָב איך

באַשלאָסן אַראָפּרייסן פון זיך די לאַטע מיטן מגן־דוד און זיך געלאָזט אויפן געפערלעכן וועג אַהיים.

אָנקומענדיק קיין כאַראָסטקאָוו, האָב איך געטראָפן די יידן אַרומגעכאַפּט מיט אַ שרעקלעכער מרה־שחורה. עס האָט געהאַלטן ערב אַן אַקציע — וואָס האָט געמיינט: אונ־טערגאַנג פון נאָך אַ יידישן ישוב...

## חורבות געבליבן פון דער יידישער כאַראָסטקאָוו

משה פיינגאָלד

(לויט דער גביית־עדות פון דער צענטראַ־לער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צ. ק. פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמערי־קאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. סיג׳ 1696/1564).

ביז דער מלחמה האָבן געלעבט אין כאַראָסטקאָוו אַן ערך 2.200 יידן. עס זענען צוגע־קומען פון דער אומגעגנט נאָך אַ 1200 יידן. קיין רוסלאַנד האָט קיינער פון אונדז נישט אַרויסגעוואַנדערט ביים אָנהייב פון דער מלחמה. ערשט אין יאָר 1941, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער דייטש־רוסישער קריג, האָבן קיין רוסלאַנד אויסגעוואַנדערט לערך 100 מאַן.

די באַציאונג צו די יידן מצד דער דייטשער מאַכט, תיכף ביים אַריינקומען, איז געווען אַ שרעקלעכע. שוין אין ערשטן טאָג האָט מען אַרויסגעשלעפּט 19 מענטשן, דערונטער פרויען און קינדער, און אַן אַ פּאַרוואָס זיי דערמאָרדעט. אויף דעם דריטן טאָג האָט מען זיי געבראַכט צו קבורה.

די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט אויך מיט דער זעלבער אַכזריותדיקייט זיך באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג. די גאַנצע אוקראַאינישע באַפעלקערונג, צוזאַמען מיט דער דייטשער געסטאַפּאָ און שופּאָ, האָבן תיכף אָנגעהויבן די פאַרניכטונגס־אַרבעט — מיט געמיינזאַמע כוחות. זיי האָבן 8 טעג נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן, דעם 1941.4.7, אין אַ שבת, צוזאַמען געווען אַלע יידן צום מאַגיסטראַט. און ווען ס׳איז שוין געווען אויף דעם פּלאַץ צונויפגעזאַמלט עטלעכע הונדערט יידן, האָט מען אָנגעהויבן שלאָגן מכות רצח —

איבער די קעפּ און פּנימער. נאָך דעם האָט מען געהייסן זיך אויסשטעלן זאַלבעדריט, לויט די פּאַכן. ביי דער זייט איז געווען אַ גרוב מיט בלאָטע, וווּ יעדער האָט געמוזט דורכגיין און זיך אויסקאַטשען אין דער בלאָטע. דערנאָך איז יעדער צוריקגעגאַנגען אויף זיין פּלאַץ און געשטעלט זיך אין דער ריי. אין דער זעלבער צייט איז אין מאַגיסטראַט פאָרגע־קומען אַ באַראַטונג, צי מ׳זאָל די יידן פייניקן, אָדער שיסן.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, צוזאַמען מיט דער געסטאַפּאָ, אַז די מענטשן זאָלן דורכ־גיין דורך אַ שפּאַליער און מ׳זאָל זיי שלאָגן מיט די קאָלבעס איבער די קעפּ. נאָך די אכזריותדיקע קלעפּ, איז זיך יעדער צעלאָפן, וווּ די אויגן האָבן געטראָגן. דעם זעלבן טאָג האָט מען אויסגעהאַקט די שויבן פון די בתי־מדרשים. די יידן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, האָט מען גענומען צו דער אַרבעט. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געהאַלטן אין איין שלאָגן. ערשט ביינאַכט האָט מען אָפּגעלאָזט אַהיים.

דעם 22.7, האָט די אוקראַינישע אַדמיניסטראַציע, לויט אַ באַפעל פון דער געסטאַפּאָ, געהייסן אָנטאָן דער יידישער באַפעלקערונג ווייסע בענדער מיט אַ מגן־דוד אויף דער לינ־קער האַנט. אין דעם זעלבן מאָמענט ווען ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער באַפעל צו טראָגן די בענדער, האָט מען שוין אָנגעהויבן כאַפּן מענטשן דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט קיין ווייסע בענדער — און זיי איינגעזעצט אין תפיסה. אַז מ׳האָט שוין צונויפגענו־מען אַ גרעסערע צאָל מענטשן, האָט מען זיי געהייסן אַרויסגיין אין גאַס מיט אַ פויק און רויטער פאָן, צו 3 מענטשן אין אַ ריי און שרייען „כאַי זשיווע סטאַלין!", מיט דער בפירושער כוונה, ווייל ס׳האָט באַדאַרפט אָנקומען די געסטאַפּאָ פון טאַרנאָפּאָל, טאָ זאָלן זיי טרעפן די יידן אין אַ דעמאָנסטראַציע מיט אַ רויטער פאָן, פאַר די סאָוויעטן און אַז די אוקראַאינישע פּאָליציי האָט זיי פאַרהאַלטן.

אויף דער צוגעגרייטער טריבונע איז צופעליק אָנגעקומען אַ דייטש. ער האָט זיך אינפאָרמירט וואָס דאָ קומט פאָר. די יידן האָבן אים דערציילט דעם גאַנצן אמת, וואָס מ׳האָט דאָ צוגעגרייט — און ער האָט זיי געגלייבט. ער האָט באַפוילן די יידן זאָלן זיך פונאַנדערגיין אין זייערע היימען, נאָר יעדער דאַרף אָנטאָן אַ ווייסע באַנד.

די יידן האָבן געמעגט אַרויסגיין קויפן נאָר פון 7 ביז 9 אין דער פרי, ווען דער באַזאַר איז נאָך געווען לידיק, נישט געווען וואָס צו קויפן. קוים האָט מען וועמען גע־טראָפן קויפן אויף דעם באַזאַר נאָך 9, האָט מען אים פאַרשפאַרט אין תפיסה.

אין אויגוסט 1941, האָט מען אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע אויף דער יידישער באַ־פעלקערונג: אַנדערהאַלבן קילאָ גאָלד און צו 20 רובל אויף אַ קאָפּ, וואָס איז צוזאַמען גענומען געוואָרן דורך די אַליין זיך באַשטימטע קהל־פאַרזאָרגער בערנאַטקימעל שמואל און טענענבוים קונצי. עס איז אויך געווען פאַר יידן אַ באַגרענעצטע צייט אַרויס־צוגיין אין גאַס.

דער יודענראַט איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן באַשעפטיקן די יידן. נאָר ווער עס

האָט געגעבן געלט, האָט מען אים צוגעטיילט צו אַ גרינגערער אַרבעט. דערפֿאַר האָט בלויז עמך געמוזט טראָגן די שווערע לאַסט פֿון שוואַרצער אַרבעט. ווער עס האָט גוט באַצאָלט, האָט מען אים גענומען צו דער טרויעריק־באַרימטער יידישער אָרדנונגס־דינסט.

דעם 1טן אָקטאָבער 1941, האָט דער יודענראַט באַשטעטיקט צו געבן 160 מענטשן אין דעם אַרבעטס־לאַגער סטופּקי (ביי פּאָדוואָלאָטשיסק). זיי האָבן פֿאַרזיכערט, אַז דאָס איז נאָר אויף 14 טעג, כדי די מענטשן זאָלן זיין רויִק.

ביי דער סטאַציע האָבן שוין די קהל־פֿאַרזאָרגער אָפּגעמאַכט מיט 13 מענטשן, וואָס האָבן געקענט באַצאָלן, זיי זאָלן זיך אומקערן אַהיים. געבליבן זענען 147 מענטשן.

אויפֿן וועג פֿון כאָראָסטקאָוו קיין טאַרנאָפּאָל, האָט מען די מענטשן געשלאָגן מכות רצח. ווען זיי זענען געקומען קיין סטופּקי, האָט מען זיי איבערגעגעבן דעם לאַגער־עלטסטן.

אויך איך בין געווען צווישן די געפֿאַנגענע.

דעם צווייטן טאָג נאָכן אָנקומען אין לאַגער, האָט מען געשאָסן אַ ייד אָן אַ פֿאַרוואָס. אַלע האָבן געמוזט שטיין און צוקוקן. אַזוי האָט מען יעדן טאָג געשלאָגן און געפּייניקט.

צו דער אַרבעט האָט מען געמוזט לויפֿן יעדן טאָג 15 קילאָמעטער צופֿוס. ביי אַ שלעכטער און קנאַפּער דערנערונג, ווען מען איז געקומען אויפֿן אַרבעטס־פּלאַץ איז מען געווען מער טויט ווי לעבעדיק. ווען אַ דעלעגאַציע פֿון די אַרויסגעשיקטע אַרבעטער איז געקומען אין יודענראַט בעטן מ׳זאָל פֿאַר די מענטשן אַרויסשיקן עפּעס עסן, האָט דער מאַגאַזינער זיך צעבייזערט און געשריגן אויפֿן קול, אַז דאָרט באַקומען זיי עסן גענוג, ס׳איז זיי בעסער ווי אין דער היים. סיִיוי וועלן זיי דאָרט לאַנג נישט לעבן, טאָ צו וואָס דאַרפֿן זיי הילף...

נאָך צוויי חדשים זיין אין סטופּקי, האָט מיין פֿאָטער מיך אויסגעקויפֿט פֿון דעם לאַגער, באַצאָלנדיק דעם יודענראַט אַ גרויסע סומע געלט. מ׳האָט מיך אַהיים גענומען. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, איז ווידער פֿאָרגעקומען אַן אַקציע אויף צוואַנגס־אַרבעט. מ׳האָט מיך פֿאַרנומען אין דעם אַרבעטסלאַגער קאַמיאָנקי, ביי פּאָדוואָלאָטשיסק. די באַדינגונגען דאָרט זענען געווען מוראדיקע. אונטער אַ שמירה פֿון אוקראַאינישע באַנדיטן, איז מען מבוקר עד ערב געשטאַנען אין אַ שטיינהאַקעריי. זיי האָבן כסדר געשלאָגן מיט די נאַהייקעס.

אַלע מאָל זענען אויך פֿאָרגעקומען דערשיסונגען אָן אַ פֿאַרוואָס. מ׳האָט נישט געקענט וויסן די גענויע צאָל מענטשן פֿון דעם לאַגער, ווייל יעדן טאָג האָט מען געבראַכט נייע קרבנות פֿון די געטאָאָס אין דער אַרומיקער געגנט. מ׳האָט גערעכנט אויף אַן ערך 600 מענטשן אין מיין אָפּטיילונג — אַזעלכע אָפּטיילונגען זענען געווען 4. ווער עס איז געקומען אין לאַגער קאַמיאָנקאַ, איז קיין לעבעדיקער נישט אַרויס. אין יולי 1943, האָבן די דייטשע רוצחים מיט דער אוקראַאינישער פּאָליציי אַרומגערינגלט דעם לאַגער און אים

אונטערגעצונדן צוזאַמען מיט די מענטשן. ווער עס האָט זיך געכאַפּט אַנטלויפן פון דעם פייער, איז דורך דער אַרומיקער וואַך דערשאָסן געוואָרן. אַרום 10—15 מענטשן פונעם גאַנצן לאַגער זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

פון דעם גיהנום בין איך אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון קאָפּיטשיניעץ. געקומען אין אַ פּאָלוואַרק, ווו ס'האָבן נאָך געאַרבעט אַרום 100 יידן. אויך אויף דעם פּאָלוואַרק איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע. די מענטשן זענען זיך צעלאָפן, מ'האָט נאָר פון זיי אויסגעשאָסן 27. 8 טעג בין איך געבליבן ליגן אין אַ נאַסן גרוב. ווען איך בין שוין געווען שטאַרק דערשעפּט, אָן כוח צו לעבן, האָב איך זיך ווידער געלאָזט צו דעם פּאָלוואַרק. אַזוי ווי מ'האָט דעמאָלט ליקווידירט די געטאָס אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָבן זיך צונויפגענומען אויף דעם פּאָלוואַרק לערך 300 מענטשן. שווער און ביטער האָבן מיר דאָ, אונטער דער אויפזיכט פון אַ פּאָלקס־דייטש, געאַרבעט דריי און אַ האַלבן חודש (ביז נאָוועמבער 1943). דעם זעלבן חודש האָט מען די אַלע מענטשן פון דעם פּאָלוואַרק אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. פון דאָרט בין איך אַוועק אין אַ דערבייאיקן וואַלד, ווו איך האָב זיך אויפגעהאַלטן מיט נאָך אַ גרופּע פון 14 מענטשן אַהערגעקומענע פון דער אַרומיקער געגנט, נאָך די ליקווידאַציעס פון די געטאָס.

מיט דער גרופּע מענטשן זענען אויך געווען 3 קינדער, וואָס האָבן מיטגעמאַכט די זעלבע צרות וואָס די עלטערע. ביז דעם 22סטן מערץ 1943, האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד, ביז מיר זענען דעם טאָג באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי.

ווען איך בין נאָך דער באַפרייאונג צוריק געקומען אין מיין געבורט־טעטל כאָראָסטקאָוו, האָט מיך אַרומגענומען אַ גרויל. אַלע יידישע גאַסן — איין חורבה. קיין גאַנץ יידיש הויז נישט געבליבן.

# אוקראַינער און פּאָליאַקן האָבן געהאָלפן מאָרדן די יידן

אברהם וויטאָף

(פונעם פרעגבויגן פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים
צ. ק. פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטש־
לאַנד. צונויפגעשטעלט אין באַקניינג, דעם 14.1.1948. סיג׳ 1912/427.

ווען די סאָוויעטן זענען אַריין קיין מערב־אוקראַינע, האָט אַן אוקראַינער געמאַכט אַ בלבול אויף אַ יונגן 15־יאָריקן ייד פון כאָראָסטקאָוו, וועמענס נאָמען איך געדענק ניט, אַז ער איז אַ פּוילישער שפּיאָן. די רוסן האָבן אים אומגעבראַכט.

די דייטשע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט אין אונדזער שטעטל אין חודש יולי 1941. ווי נאָר זיי זענען אַריין, האָט מען אויסגעשאָסן 200 ייִדן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען פון די גאַסן פאַרנומען ייִדן אויף לאַסט־אויטאָס און זיי אַוועק געפירט. מער האָבן מיר די דאָזיקע ייִדן ניט געזען.

קאָנטריבוציעס און רדיפות זענען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אין דער צווייטער וואָך פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט מען באַפוילן אַלע ייִדן צו פאַרזאַמלען זיך אויפן מאַרק־פּלאַץ. אַזוי ווי כ׳האָב פאַרשפּעטיקט זיך צוצושטעלן, האָב איך געשיקט מיין פרוי זיך דערוויסן וואָס דאָרט קומט פאָר. זי איז צוריק געקומען מיט דער נייעס, אַז מען שלאָגט די אומגליקלעכע מיט גומענע שטעקנס. איך האָב באַשלאָסן ניט גיין אויפן מאַרק. די אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן האָבן דאָרט געשלאָגן און געפּייניקט. די אויסבאַהאַלטענע ייִדן, וועלכע זענען אַנטדעקט געוואָרן, האָבן זיי באַפוילן צו קאָלערן זיך אין אַ בלאָטע.

דערנאָך האָט מען אַ טייל ייִדן געגעבן אַ רויטע פאָן מיט אַ שטערן, וואָס איז געהאַט איבערגעבליבן פון די סאָוויעטן. מ׳האָט זיי געהייסן מאַרשירן און זינגען רוסישע לידער, כדי אַרויסרופן קעגן זיי אַ „פרישע" טענה: אַז ייִדן זענען באָלשעוויקעס... אַזוי האָבן זיי דעמאָנסטרירט איבערן שטעטל ביזן דאָרף, וווּ ס׳איז געווען אַ ברויערײַ. מען האָט זיי געצווּנגען צו קריכן אין דעם קאָכעדיקן קעסל און דערביי געטיילט קלעפּ אויף אַלע זייטן. פון די 200 ייִדן, האָבן אַ העלפט ניט אויסגעהאַלטן די קלעפּ און אומגעקומען אין דער ברויערײַ. די אַנדערע זענען אַרויס צו אַ צווייטער טבילה — צום טייך. ווער עס האָט ניט געקענט שווימען, איז אומגעקומען אויפ׳ן אָרט אויפן ברעג זענען געשטאַנען ס.ס.־לייט מיט מאַשינגעווער און געשאָסן אויף די אומגליקלעכע. די געציילטע וואָס זענען דעמאָלט געקומען צוריק, האָבן לאַנג ניט געקענט שטיין אויף די פיס.

כמעט די גאַנצע ניט־ייִדישע באַפעלקערונג, די פּאָליאַקן און אוקראַאינער, האָבן געהאָלפן אין זייער מאָרד־מלאכה. ליידער, קיין אָרגאַניזירטער ווידערשטאַנד איז ניט געווען. לויט מיין מיינונג, זענען פון די אַלע אַקציעס און רציחות געבליבן לעבן בסך־הכל אַ פופצן ייִדן. פון די לאַגערן האָבן זיך אומגעקערט אַכט, צי ניין ייִדן. אויף אַנדערע אופנים האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אַרום זעקס פּערזאָן.

דער רב פון שטעטל איז אומגעקומען בעת דער גרויסער אַקציע. צו די אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן אין שטעטל האָט געהערט דער מעדיצין־דאָקטער ווילהעלם אויערהאַן. ער איז אומגעקומען בעת דער אַלגעמיינער ליקווידאַציע פון ייִדישן ישוב אין כאַראָסטקאָוו.

# לאגערן אין מזרח־גאַליציע

אין דער צייטשריפט פאַר געשיכטע פון יידישן לעבן בעתן נאַצי־רעזשים — „פון לעצטן חורבן״ — אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צ. ק. פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע (מינכען, אויגוסט 1947, נומ׳ 6, רעדאַקטאָר: יוסף קאַפּלאַן), איז אָפּגעדרוקט אַ גרעסערע, אויספּירלעכע אַרבעט פון ש. וויעליטשקער — „לאַגערן אין מזרח־גאַליציע״. מיר גיבן עטלעכע קורצע אויסצוגן וועלכע זענען נוגע דעם אומקום פון די כאַראַסטקאָווער יידן אין די פאַרשידענע לאַגערן.

אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל לייענען מיר צווי. אַנד.:

„מזרח־גאַליציע, אַ שטח פון 46.000 קוואַדראַט־קילאָמעטער, אויף וועלכן עס האָבן געלעבט 700.000 יידן, איז דורכן נאַצי־רעזשים באַדעקט געוואָרן מיט אַ נעץ פון קרוב 9 יידן־לאַגערן. די לאַגערן זענען געווען פיל שרעקלעכער אַפילו פון די באַרימטע לאַגערן אין דייטשלאַנד, ווי: דאַכאַו, אָראַניענבורג א״אַנד. נאָך די אַלע עינויים אין יענע לאַגערן, האָט דער טויט דאָרט פאַרט געגילט ווי די שרעקלעכסטע זאַך; אין די לאַגערן אָבער פון מזרח־גאַליציע איז דערגאַנגען צו אַזאַ לאַגע, אַז דער טויט האָט זיך גאָר גערעכנט פאַר אַ דערלייכטערונג, אַ מין דערלייזונג״.

אין דער וויטערדיקער אַרבעט זענען ניט נאָר אויסגערעכנט די ערטער, וווּ די לאַגערן זענען געווען; דאָ קומען אויך גענויע דאַטעס, וויפל יידן האָט דער לאַגער געציילט ביים עפענען, וויפל יידן האָט דער לאַגער געציילט ווען ער איז ליקווידירט געוואָרן, דער אופן פון דער ליקווידאַציע, ד״ה אויב די יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, אָדער זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַנדערע פאַרניכטונגס־לאַגערן. אין דעם לעצטן פאַל ווערט אויך אָנגעגעבן דאָס אָרט, וווהין די יידן זענען געוואָרן אַריבערגעפירט. ביי יעדן לאַגער איז אויך אָנגעגעבן ווער עס איז געווען דער לאַגער־פירער. ביים אָנגעבן אַ צאָל, ווערט דאָ שטענדיק באַנוצט די מינימאַלע. אַזוי צב״ש ווען די צאָל יידן אין לאַגער, איז לויט איין דאָקומענט 5.000, און לויט אַ צווייטן — 7.000, ווערט אין דער אַרבעט אָנגעגעבן 5.000. דאָס איז על־כל־פּנים די זיכערע צאָל לויט ביידע קוועלן. ביי עטלעכע לאַגערן, וואָס כאָטש זייער עקזיסטענץ אונטערליגט נישט קיין ספק, זענען אין דער אַרבעט אָבער נישט אָנגעגעבן קיין ציפערן. די סיבה איז מסתמא די, וואָס קיינער פון די דאָזיקע לאַגערן איז נישט געבליבן ביים לעבן, אָדער די געציילטע לעבנגעבליבענע מענטשן מעלדן זיך נישט, כדי אָפּצוגעבן זייער גבֿית־עדות.

ידיעות וועגן פיל לאַגערן געפינען מיר אין די געהיימע ראַפּאָרטן פון קאַצמאַן, דעם גענעראַל־מאַיאָר ס.ס. און פּאָליציי־פירער פון דיסטריקט גאַליציע און אין אַנדערע דאָקומענטן. אָט דער הויכער באַאַמטער פלעגט זיינע דאָקומענטן איבערשיקן צו היטלערן

(די קאָפּיעס פון זיי געפינען זיך אויך אין אַרכיוו פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין מינכען).

אַזוי, למשל, לייענען מיר וועגן קאַמיאָנקער לאַגער (דאָק' 226/91, אַרכיוו צ.ה.ק. מינכען, איבערגעגעבן דורך לאַדאָווסקי): „דאָס איז געווען אַ פּרייטיק, אין דעצעמבער 1941, ווען מיר זענען קוים לעבעדיקע געקומען צו דער אַרבעט. ביים טויער פון לאַגער איז געשטאַנען אוקראַינישע פּאָליציי, וועלכע האָט אונדז אַזוי צעשלאָגן, אַז פון די 600, וועלכע זענען געווען אין לאַגער, זענען העכער 200 שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן... פאַר דער צייט וואָס דער לאַגער האָט עקזיסטירט (19 חדשים, נאָוועמבער 1941 — יולי 1943), זענען דערמאָרדעט געוואָרן 5000 יידן. די דאָזיקע יידן זענען געווען פון פּאָדוואָלאָ־טשיסק, טרעמבאָוולע, בזשעזשאַן, זבאַראַזש און כאָראָסטקאָוו... איך און נאָך דריי פון דעם לאַגער, וועלכע זענען געבליבן לעבן, זענען באַצייטנס אַנטלאָפן".

...דער בילאַנס פון די לאַגערן אין מזרח־גאַליציע, ווו די דייטשן האָבן, לויט די רייד פון גערינגן אויף דעם נירנבערגער פּראָצעס „געהאַט דעם ציל צו דערציען מענטשן זון מען האָט דאָרט געלערנט אַפילו צוין פוצן" — — — זענען 700 000 מזרח־גאַליצישע יידן געוואָרן פאַרברענט, זייער אַש צעזייט".

(דערנאָך פאָלגט אַ לאַנגע רשימה פון 89 לאַגערן אין מזרח־גאַליציע, פון וועלכער מיר גיבן אָן בלויז עטלעכע, וואָס האָבן אַ שייכות צו כאָראָסטקאָוו):

באָרקי ווייעלקיע ביי טאַרנאָפּאָל. 500 — אין סעפּטעמבער 1941. 5000 — אין יולי 1943. פאַרברענט אויפן אָרט.

הלובאָטשעק ווייעלקי ביי טאַרנאָפּאָל. מערץ 1943 — 2000. דעם 16טן יולי 1943 — 2000. אויפן אָרט פאַרברענט.

זאַגראָבעלע ביי טאַרנאָפּאָל. לאַגער־שעף: אונטערשטורמפירער ראָקיטאַ פון שלע־זיע. אין סעפּטעמבער 1941 — 5000; אָקטאָבער 1942 — 1800. אָפּגעשיקט אין טאַרנאָ־פּאָלער לאַגער.

טשיסטילאָוו ביי טאַרנאָפּאָל. לאַגער־שעף: אונטערשטורמפירער ראָקיטאַ. אין יאַנואַר 1943 — 1700; אויגוסט 1943 — 1300.

כאָראָסטקאָוו ביי טאַרנאָפּאָל. מאַי 1943 — 1000; יאַנואַר 1943 — 1000. לעבעדיק פאַרברענט...

ו.

כ א ר א ס ט ק אָ ו ו ע ר

ל א נ ד ס מ א נ ש א פ ט ן

ו.

ארגוני של בני חורוסטקוב



**כנס ראשון של בני חורוסטקוב ביפו — 1953**

**ערשטער צוזאַמענטרעף פון כאָראָסטקאָווער אין יפו — 1953**

# דער אירגון יוצאי חורוסטקוב אין ישראל

לויטן באַריכט וואָס איז דערשינען אין דער אויסגאבע
פון התאחדות עולי פולין אין ישראל

**דאָס שטעטל כאָראָסטקאָוו געהערט צום קרייז טאַרנאָפּאָל און געפינט זיך צווישן די שטעט טרעמבאָוולע און קאָפּיטשינצע אין מזרח־גאַליציע, אין דער פּרוכטבאַרער געגנט פון דער גאַליצישער פּאָדאָליע. ביז צום ערשטן וועלט־קריג האָט עס געהערט צו עסטרייך און זיך געפונען נישט ווייט פון דער רוסישער גרענעץ. נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג — צו פּוילן, און ווידער נישט ווייט פון דער רוסישער גרענעץ. אַ קליין שטעטל, וואָס האָט**

געציילט אין יאָר 1939 נישט מער ווי אַן ערך 2500 יידן, איז עס יאָרן־לאַנג געווען באַ־קאַנט מיט אירע גרויסע רבנים און אַ ריי פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן שפּעטער פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין אַלגעמיינעם, ווי אין יידישן לעבן.

לויט ציפערן, וואָס זענען באַקאַנט, זענען נאָך דעם גרויסן חורבן פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, איבערגעבליבן בסך־הכל אַרום 200 כאַראָסטקאָווער יידן, וועלכע זענען צעשפּרייט אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט: אין ישראל,ביידע אַמעריקעס, מערב־און מזרח־אייראָפּעישע לענדער. כדי צו באַערן דעם אָנדענק פון אונדזער אומגעבראַכטער יידישער קהילה, האָבן די כאַראָסטקאָווער, וואָס וווינען אין ישראל, געגרינדעט אין יאָר 1953 דעם אירגון יוצאי חורוסטקוב. צום פאַרבאַנד געהערן אַרום 100 חברים (חברות), וואָס אַ טייל פון זיי וווינט אין ישראל נאָך פון פאַר דער מלחמה און דער גרעסטער טייל איז אַהער געקומען מיט דער שארית הפליטה. דער רוב פון די חברים זענען אָנגעשטעלטע אין אַרבעטער.

דער פאַרבאַנד האָט נישט אַנטוויקלט קיין באַזונדערע טעטיקייט. זיין איינציקער ציל איז צו באַערן דעם אָנדענק פון דער כאַראָסטקאָווער יידישער קהילה און שטעלן איר אַ מצבה, כדי איר זכר זאָל אין משך פון יאָרן נישט אָפּגעמעקט ווערן. דער פאַרבאַנד אָרדנט איין יאָר־איין יאָר־אויס אזכרהס פאַר די קדושים פון דער כאַראָסטקאָווער קהילה. די אזכרהס קומען פאָר יעדעס יאָר אין תל־אביב, צווישן דעם 15טן און 20סטן מאי, און עס באַטייליקן זיך אין זיי דער רוב לאַנדסלייט, וואָס קומען פון אַלע ערטער פון לאַנד. אין צוזאַמענהאַנג מיט די אזכרהס, ווערן אָפּגעהאַלטן יערלעכע פאַרזאַמלונגען, ווו עס ווערן אַרומגערעדט עניינים וואָס האָבן אַ שייכות מיטן כאַראָסטקאָווער געדענק־בוך.

דאָס אַרויסגעבן דאָס געדענק־בוך איז געווען דער הויפּט־ציל פון דעם פאַרבאַנד. כאָטש דאָס שטעטל איז געווען קליין, שטעלט זיך אַרויס, אַז עס זענען פאַראַן אינטערע־סאַנטע מאַטעריאַלן וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט און אַנטוויקלונג, ספּעציעל פון דער יידי־שער קהילה. שוועריקייטן זענען געווען ביים זאַמלען מאַטעריאַלן פון דער צייט פון חורבן, רדיפות און שחיטות. די יחידים וואָס זענען ניצול געוואָרן, זענען נישט אימשטאַנד איבערצוגעבן דאָקומענטאַרישע מאַטעריאַלן. אָבער דער רעדאַקציע־קאָמיטעט האָט באַ־וויזן צו זאַמלען גענוג מאַטעריאַל.

דער פאַרבאַנד שטייט אין קאָנטאַקט מיט דער כאַראָסטקאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק. מיטגלידער פון דער דאָזיקער לאַנדסמאַנשאַפט האָבן באַזוכט ישראל און זיך אויך באַטייליקט אין דער אזכרה פון די כאַראָסטקאָווער אין תל־אביב.

בראש פונעם פאַרבאַנד פון כאַראָסטקאָווער אין ישראל שטייט אַ קאָמיטעט פון די חברים: חיים־ישראל ווייסבראָדט, יצחק וידערמאַן, משה יבור, יהודה לאַנג און יצחק קעסלער.

**אין פריערדיקן קאָמיטעט זענען געווען: שמואל עפשטיין ז״ל, אהרון ווידערמאַן ז״ל, און יב״ל יצחק קעסלער.**



אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל, אויפן הר־ציון אין ירושלים, בעתן אַנטהילן דעם אָנדענק־טאָוול לזכר די קדושים פון כאָראָסטקאָוו.

# כאָראָסטקאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק

שמואל־שלמה שוואַרץ / ניו־יאָרק

די שווערע לאַגע אין וועלכער ס׳האָט זיך געפונען די יידישע באַפעלקערונג סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט אין די קליינע שטעטלעך אין גאַליציע, האָט געצויגן אַ סך פון אחינו בני ישראל צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט, כדי זיך זיכערן חיונה אין די לענדער מעבר לים, ספּעציעל אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. אַ ייד, וועלכער האָט זיך דעצידירט אויף דעם גורלדיקן שריט פון אויסוואַנדערן, האָט פאַרזעצט דעם לעצטן משכון און אַלץ געטאָן, כדי זיך איינשאַפן הוצאות הדרך. אַז ס׳איז געקומען דער גליקלעכער מאָמענט פון אויסוואַנדערונג, האָט דאָס גאַנצע הויזגעזינד, קרובים,

באַקאַנטע, ברידער, שוועסטער, פעטערס און מומעס, שוואָגער און שוועגערינס, מחותנים און שוועסטער־קינדער, ווי אויך לייבלעכע שוועסטער־קינדער, ד. ה. דער דריטער דור, מיט איין וואָרט — כמעט דאָס גאַנצע שטעטל, באַגלייט דעם עמיגראַנט מיט ביטערע טרערן, מיט האַרציקע ברכות, מיט אַ וויץ, צי גלייכווערטל.

נישט געקוקט אויף די גרויסע האָפענונגען וואָס מ'האָט געלייגט אויף דעם „גאָלדע־נעם לאַנד", איז דאָך געווען אַ געפיל פון פּחד פאַר דעם נייעם, אומבאַקאַנטן זוגג. אָבער איידעמס אויף קעסט, יונגעלייט, וועלכע האָבן נישט געפונען זייער תיקון אין שטעטל, בעלי־מלאכות און סוחרים, וועלכע האָבן אויסגעקוקט אַ קונה — זענען געווען אַנטשלאָסן צו פאַרלאָזן די אַלטע היים און זוכן גליקן ערגעץ אַנדערש. דער עמיגראַציע־שטראָם האָט באַווירקט אַלץ מערער און מערער, בפרט נאָך, אַז די ערשטע אויסוואַנדערער קיין אַמע־ריקע האָבן אָנגעהויבן פון דאָרט שיקן עטלעכע דאָלאַר, אַ טייל — אַפילו גאַנץ רעגולער, יעדן חודש.

אין די יאָרן 1905—1907 האָבן אין דער געגנט פון מזרח־ניו־יאָרק זיך שוין געפונען אַן ערך פערציק כאַראָסטקאָווער יונגעלייט. לויטן מוסטער פון אַנדערע, האָבן אויך זיי פּרובירט זיך שאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין, כדי קודם־כל זיין אַ שטיצע פאַר זיך גופא, ענגער האַלטן דעם קאָנטאַקט צווישן די כאַראָסטקאָווער אין דעם גרויסן ניו־יאָרק. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אין יענער תקופה איז די עקספּלאָאַטאַציע אין די שאַפּן געווען אומגעהייער גרויס. די אומבאַהאָלפנקייט פון דעם „גרינעם" אימיגראַנט האָט זיך געלאָזט מערקן אויף טריט און שריט. דער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין האָט באַדאַרפט לייזן טאָג־טעגלעכע פראַגן פון אַרבעט, הילף פאַר אייגענע און זאָרגן אויך פאַר די משפּחות אין כאַראָסטקאָוו.

די וואָס האָבן באַוויזן אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר אָפּצושפּאָרן עטלעכע דאָלאַר, האָבן געשטילט זייער בענקשאַפט נאָך די נאָענטע און צוריק געפאָרן קיין כאַראָסטקאָוו. ווער ס'איז פאַרבליבן אין שטעטל און דאָרט זיך איינגעאָרדנט, ווער ס'איז צוריק געקומען קיין אַמעריקע און ווייטער באַמיט זיך אַרויפצואַרבעטן. ביזן אויסברוך פון דעם ערשטן וועלט־קריג, זענען געווען פאַלן, אַז אייניקע כאַראָסטקאָווער יונגעלייט האָבן באַוויזן מערער ווי איין מאָל פאָרן אין שטעטל און צוריק קומען קיין ניו־יאָרק.

אין סעפּטעמבער 1907, צען יאָר נאָך דעם ווי דער ערשטער עמיגראַנט פון שטעטל האָט געהאַט באַטרעטן דעם ניו־יאָרקער באָדן, איז נאָך עטלעכע פאַרזאַמלונגען און צוזאַ־מענטרעפן, באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן די כאַראָסטקאָווער פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע. די ערשטע און בולטסטע חברים וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיווקייט אין דער לאַנדסאַנשאַפט, דאַרפן דערמאָנט ווערן: מרדכי בראַנדעס, שלמה דיאַמאַנט, יצחק גרויסבערג, מרדכי קלמן, יעקב־משה פעפער, יצחק פעפער, יוסף פּראַס, ישראל וועקס־לער.

די ערשטע אויפגאַבן וואָס דער פֿאַראיין האָט זיך געשטעלט, זענען געווען: שטיצן די אָרעמע מיטגלידער זיינע ווי אויך די ניי־געקומענע, באַזונדערס בעת אַ קראַנקייט, אַרבעטלאָזיקייט און קודם כל — העלפֿן זיי איינאָרדענען זיך אין נייעם לאַנד. כדי דער בונד פֿון די מיטגלידער זאָל זיין נאָך שטאַרקער, האָט מען פֿון די ספּעציעל געשאַפֿענע געלטער אויפֿגעבויט אַן אייגענע שול, ווו שטעטישע אין ניו־יאָרק האָבן געהאַט אַ מעג־לעכקייט אָפֿט זיך צו טרעפֿן. די לאַנדסמאַנשאַפֿט האָט אויך אָנגעהויבן טראַכטן (פּונקט ווי אַלע לאַנדסמאַנשאַפֿטן) וועגן אַן אייגענעם בית־הקברות. קויפֿן אַ שטיקל באָדן פֿאַר דעם צוועק, האָט גאָרנישט געהערט צו די לייכטע זאַכן. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז נאָך געווען אַ יונגע, די זיכערקייט צו שלאָגן וואָרצלען אויפֿן נייעם באָדן איז געווען ניט אַזאַ פֿעסטע, די אימיגראַנטן זענען נאָך געשטאַנען אין פֿאַרמעסט מיט דער צייט און די נייע באַדינגונגען. און אחרון אחרון — דער אייגנטלעכער ציל וואָס האָט געבראַכט אַהער — די זאָרג פֿאַר דער פֿאַרבליבענער משפּחה, האָט געצווונגען אונדזערע בני־עיר צו יאָגן זיך אָפּשפּאָרן עטלעכע דאָלאַר, כדי שיקן אַהין, אָדער מיט דער צייט — אַריינפֿאָרן אין שטעטל.

דער אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איבערגעריסן די פֿעדים צווישן די כאָראָסטקאָווער אין ניו־יאָרק און זייער געבורט־שטעטל. די פֿיר יאָר קריג האָבן דערמעגלעכט אונדזערע שטעטישע אין אַמעריקע זיך אַרויפֿצואַרבעטן, דערשלאָגן זיך צו אַ פּאָזיציע און אַ ביסל געלט, בעת זייערע קרובים אין דער אַלטער היים האָבן געהאַט אויסצושטיין אַלע בייזע פּאָלגן פֿון קריג. דערצו נאָך זענען זיי געווען אָפּגעריסן פֿון די וואָס האָבן געלעבט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

דער עקאָנאָמישער וווּלשטאַנד פֿון די כאָראָסטקאָווער אין ניו־יאָרק האָט, נאַטירלעך, באַרייכערט די אָרגאַניזאַציע. דאָס בית־הקברות איז געשאַפֿן געוואָרן און מ׳האָט געקאָנט טראַכטן וועגן עפֿעקטיווער הילף פֿאַרן שטעטל, ווי נאָר די מלחמה־אָפּעראַציעס וועלן זיך ענדיקן. פֿאַר ניי־געקומענע לאַנדסלייט איז דער פֿאַראיין געוואָרן אַן אַדרעס, אַ וויכטי־קער שטיצפּונקט. די פֿרייד איז געווען גרויס יעדן שבת, ווען אַלע כאָראָסטקאָווער האָבן זיך געטראָפֿן אין אייגענעם בית־הכנסת. נאָך מער, עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ מנהג, אַז לויט דער ריי, האָט אַן אַנדערער בן־עיר פֿאַרבעטן צו זיך דעם גאַנצן עולם אויף קידוש, יעדן שבת און יום־טוב. אַזעלכע צוזאַמענטרעפֿן — אין וואָכנס־טעג אין פֿאַראיין, אין די יום־טוב־טעג אין שול — האָבן צוגעגעבן מוט און שטימונג די לאַנדסלייט, געהאַלטן זיי ווי איין משפּחה.

דער צוזאַמענברוך פֿון דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע און דאָס טוישן זיך פֿון דער מאַכט אַלע מאָל אין מזרח־גאַליציע, ווי אויך די שווערע מלחמה־יאָרן, האָבן שטאַרק פֿאַראָרעמט די יידישע באַפֿעלקערונג אין כאָראָסטקאָוו. צו די אַלע צרות און נויט, זענען נאָך שפּעטער צוגעקומען פּעטליורעס פּאָגראָמשטשיקעס. מיר אין ניו־יאָרק האָבן

זיך געגרייט צו דעם טאָג, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן און מען וועט קענען דערלאַנגען אַ ברידערלעכע האַנט און אַ סך הילף אונדזערע ברידער אין שטעטל. מיר האָבן אַדורכ־געפירט פאַרשידענע אונטערנעמונגען, כדי צונויפזאַמלען וואָס מערער געלט פאַרן הילפס־פאָנד.

באַלד נאָכן קריג, איז חבר יוסף פרעס און נאָך אים — ישראל וועקסלער, ספּעציעל אַראָפּגעפאָרן קיין כאַראַסטקאָוו און אויפן אָרט פאַרטיילט הילף די באמת נויטבאַדערפ־טיקע און געליטענע. אויך דער „דזשאָינט״, ווי די לאָקאַלע אינסטיטוציעס, האָבן דער־לאַנגט הילף, אָבער דער פאַקט וואָס די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק האָבן נישט פאַרגעסן אין זייערע ברידער, ווי אויך דער פאַקט וואָס אַ סך כאַראַסטקאָווער זענען געקומען אין שטעטל כדי אַריבער נעמען קיין אַמעריקע זייערע משפחות, אָדער געשיקט זיי די נייטיקע פאַפּירן — האָט דערמוטיקט דעם עולם און דערוועקט נייע האָפענונגען.

ווען ס׳איז אין אַמעריקע אויסגעבראָכן דער גרויסער קריזיס אין די דרייסיקער יאָרן, האָט אונדזער פאַראיין געשאַפן אין ניו־יאָרק אַ גמילות־חסדים־קאַסע, כדי צו העלפן די אייגענע מיטגלידער. אַקטיוו אין דער קאַסע זענען געווען: שמעון חסיד, יצחק גראָס־בערג, פראַנק געלבער, יצחק גערשטענבליט, יעקב גאָלדרינג, בערל קורץ, יעקב פאַר־נאָס, דוד שניידער, יוסף פרעס, שלמה שוואַרץ, ישראל וועקסלער, מאיר ווערבער. די העכסטע באַשטייערונג פאַר דער קאַסע האָט אַריינגעטראָגן אונדזער לאַנדסמאַן מאיר־וואָלף מאַנטשעס.

דער פריער דערמאָנטער יוסף פּרעס איז אויך דעמאָלט אַראָפּגעפאָרן אין דער אַלטער היים מיט אַ באַדייטנדיקער סומע געלט, וואָס האָט דערמעגלעכט צו גרינדן אויפן אָרט אַ גמילות־חסדים־קאַסע און ערטיילן קאָנסטרוקטיווע הילף דעם קליינהענדלער, בעל־מלאכה און סוחר.

אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג, ווען עס זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות וועגן טראַגישן גורל פון פּוילישן יידנטום, זענען מיר געווען פאַרציטערט און באַזאָרגט — און גלייכצייטיק געלעבט מיט דער אילוזיע — אַז אפשר פאַרט איז דעם רוב כאַראַסטקאָ־ווער יידן געלונגען אויסצומיידן דאָס שרעקלעכע אומגליק. אָבער אין די יאָרן 1945—1944 האָבן מיר שוין געוווּסט די גרויסע בראָך פון פאַרטיליקן כמעט אַ גאַנצע יידישע קהילה. מיר האָבן געטראָגן הילף דער שארית הפליטה אומעטום ווו זי האָט זיך געפונען. מיטן אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה, האָבן מיר געהאַלטן פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן, לאַנדסמאַנשאַפטלעכן און ברידערלעכן חוב צו שטיצן די כאַראַסט־קאָווער אין ישראל, ווי אויך זיך באַטייליקן אין די אַלגעמיינע קאַמפּיינען פאַר דער מדינה, ווי: דער מגבית, קרן קיימת, קרן היסוד, הסתדרות־קאַמפּיין און אַנדערע. פאַר אונדזערע ברידער אין ישראל האָבן מיר געשיקט פעקלעך מלבושים, עסנוואַרג און געלט. מיר האָבן אויך געהאָלפן אויפשטעלן צוויי הייזער אויפצונעמען נייע עולים, לזכר אונדזער

פאַרשניטן שטעטל. אין אונדזער אַרכיוו געפינט זיך אַ ספּעציעלער דאַנק־בריוו פון דער יידישער אַגענץ (סוכנות) אין ירושלים פאַרן דאָזיקן אויפטו.

ווען מיר ציען אונטער אַ סך־הכל פון 60 יאָר טעטיקייט פון דער כאָראָסטקאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, מעגן מיר זיין צופרידן מיט די אויפטוען און דער־גרייכונגען פאַר די בני־עיר אין אַמעריקע און אין דער אַלטער היים, ווי אויך פאַרן כלל ישראל און פאַר דער יידישער מדינה. ליידער, מיט עטלעכע יאָר צוריק איז פאָרגע־קומען אַן ענדערונג צו שלעכטן, ווייל אַ טייל עלטערע טוער זענען געשטאָרבן, די לעבע־דיקע זענען מיר געוואָרן און זיך צוריקגעצויגן פון אַקטיווער אַרבעט. דער צווייטער און דריטער דור האַלט זיך ווייט פון די ענינים, זיי איז פרעמד דאָס שטעטל אין מזרח־גאַליציע און די לאַנדסלייט אין דער וועלט און ביי זיך אין ניו־יאָרק. נישטאָ ביי זיי קיין סענטי־מענטן פאַר דער אַלטער היים, וועלכע זיי האָבן, בעצם, נישט געקענט און פאַר דעם... אַלטן דור. אָבער די געציילטע „לעצטע מאָהיקאַנער" זענען טראָץ אַלעמען געבליבן טריי זייער עבר און זייער צוגעבונדנקייט צו דעם וואָס הייסט כאָראָסטקאָוו. מען שטיצט יחידים און היימישע אירגונים און מיר זענען אַוודאי צופרידן מיט אונדזער צושטייער פאַרן יזכור־בוך, וואָס דאַרף פאַראייביקן אַ רומפולע יידישע קהילה, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים.

די רשימה פון די קדושים איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון זכרון דורך מענטשן, וועלכע זענען שוין אָפּגעריסן פון שטעטל אין משך פון צענדליקער יאָרן — דעריבער זענען מעגלעך געווען טעותים, אָדער בכלל אַרויסלאָזן געוויסע נעמען. מיר בעטן דערפאַר אַנטשולדיקונג ביי אונדזערע לאַנדסלייט.

די וואָס וועלן אַנטדעקן אַ פעלנדיקן נאָמען, קענען אים צושרייבן, ביי יעדער אות באַזונדער, ביי זיך אין ספר.

# יזכור

לבני חורוסטקוב — אנשים, נשים וטף, אשר עונו ונרצחו על קידוש-השם על ידי הצוררים הגרמאנים הנאצים ועוזריהם האוקראינים והפולנים.
יזכור ה׳ לטובה, ותהא נפשם צרורה בצרור החיים, בתוך שאר קדושי ישראל.
כי דורש דמים אותם זכר, לא שכח זעקת עינויים.

# ואלה

שמות בני עירנו שנהרגו, שנשחטו, שנשרפו ושנחנקו על קדוש השם — בימי מלחמת העולם השניה.

## א

אלטשילר מאני ואשתו
אלטשילר אלימלך והילדים
אלטשילר יטה
אשכנז טייבע והילדים
אשכנז רחל והילדים
אשכנז בנימין
אשכנז שרה
אשכנז יעקב
אשכנז צבי
אשכנז ישראל ואשתו
אשכנז זוסי
אשכנז בלה
אשכנז נוני, אשתו והילדים
אשכנז צבי
אשכנז לייב
אשכנז פייבל
אשכנז בלה
אשכנז פייגע

אשכנז אברשה ואשתו
אשכנז בעריש
אשכנז אברהם ואשתו
אשכנז צבי
אדלמן אהרון ואשתו
אדלמן דוד ושמואל
אדלמן גיטל
אדלמן דוד ואשתו
אדלמן לייב ואשתו
אלטניי יוסף
אלטניי דבורה
אלטניי בלה
אויל יוסף והילדים
אויל גוגי והילדים
אלנברג פנחס
אלנברג ברוך ואשתו
אלנברג מאיר, אשתו והילדים
אשנפארב מיכאל ואשתו

אשנפארב רחל
אשנפארב יצחק
אשנפארב לאה והבת
אלנברג שמעון
אלנברג רייזי והילדה
אנגל גיטל
אנגל הנצ'ה
אנגל חיה
אפשטיין משה, אשתו והילדים
אפשטיין יצחק
אפשטיין בלצ'ה
אפשטיין סבינה
אפשטיין שרה
אלברגר יעקב, אשתו והבת
אלברגר אשתו והילדים
אלברג ברוך, אשתו והילדים
אקר ישראל
אקר רוזה והילדים
אקר ישעיהו
אנטנר שלמה
אנטנר גולדה
אנטנר מלכה
אנטנר שרה
אננטנר צבי
אונגר אריה
אונגר פייגע
אונגר יהושע
אונגר פייגע
אונגר אברהם

## ב

ברייער שמואל
ברייער מלכה
ברייער מרדכי, אשתו והילדים
ברייער זלמן
ברייער רייצר
ברייער זאב וחוה
ברײדער פריידז'י
ברייער הורון
ברייער לייב
ברייער סוני
ברייער אלכסנדר
ברייער מרדכי ואשתו
בוכהולץ ישעיהו והילדים
בוכהולץ סוסי והילדים
בוכהולץ צבי והילדים
בוכהולץ שפרינצי והילדים
בוכהולץ שלום
בוכהולץ רבקה
בוכהולץ שמרל והילדים
בוכהולץ פרומה והילדים
בוכהולץ בוריש
בוכהולץ משה יצחק
בוכהולץ שמעון
בוכהולץ יצחק
בוכהולץ סימה
בוכהולץ שלמה
בלויטהל מאיר
בלויטהל שרה
בלויטהל אשר ואשתו
ברנדס אבא
ברנדס סוני
ברנדס לייב
ברוינשטיין מלכה
ברוינשטיין פרידה
ברוינשטיין אברהם והבת
ברוינשטיין רוז'י

ברוינשטיין דוד
ברוינשטיין עטיל
בלייך יחיאל
בלייך קריינע
בלייך פרל
בלייך יחיאל ואשתו
בלייך חיים והבן מילה
בלייך פייגלה
בלייך זלמן ואשתו מלציה
בלייך יוסף
בלייך זוסל
בלייך אלקנה
בלייך אפרים
בלייך טונצו
בלייך רוז ה
בלייך קלמן
בלייך יהודית
בלייך זלמן, אשתו והילדים
בומזה חיים ישראל
בומזה בתיה
בומזה שלמה
בומזה חנה
בלאַט יוליוס
בלאַט איטה
בלאַט יצחק
בלאַט רבקה
ברצ׳ינר דוד, אשתו והילדים
ברצ׳ינר חוה
בקפיין משה ואשתו
ברד שלמה, אשתו והילדים
ברד דוד
ברד חוה

ברד שנצו והילדים
ברד לייב
ברד שרה
ברד טונצי
ברד אלקנה
ברטל אהרון ואשתו חנה
ברנשטיין לופה ואשתו
ברנשטיין שמואל, אשתו
והילדים
באטטיצר שלמה
באטטיצר בבצי
באטטיצר מטים
באטטיצר שמעון
ברמן יעקב ורחל
ברמן שרה
בלייך זלמן
בלייך קלרה
בזנר אומק
בזנר פיטי
ברגר משה
ברגר רחל
ברמן, אשתו והילדים
בלומנטהל חיים, האם,
שתי אחיות
בלומנטהל דוד
בלומנטל משולם
בינדר מיכאל, אשתו והילדים
בלויטבל מרוב ואשתו
בלויטבל אשר
ברקוביץ׳ משה
ברקוביץ׳ אפרים

ג

גולדברג ברכה
גולדברג ישראל, אשתו והילדים
גולדברג חייקה
גולדברג אברהם והילדים
גולדברג פייגה והילדים
גולדברג ברל ואשתו
גולדברג חנה
גולדברג מרדכי ואשתו
גולדברג צבי
גולדברג נסיה
גולדברג יחזקאל
גולדברג יויסו
גולדברג ישראל־איסר, אשתו
והילדים
גולדברג משה ומשפחתו
גולדברג מאיר
גולדברג חונקי
גולדברג ישראל ואשתו
גולדברג ברכה
גולדברג שמחה
גולדהירש הנזל
גולדהירש פסיה
גולדהירש יוסף
גולדהירש בת־שבע
גולדהירש פסי
גולדהירש אליעזר והילדים
גולדהירש שיינדיל והילדים
גולדהירש איתמר, אשתו
והילדים
גרשטנבליט אהרון
גרשטנבליט טובה
גרשטנבליט צבי ואשתו
גלמן מאיר, אשתו והילדים
גלמן מנדל
גלמן בתיה

גלמן איטקה
גלמן מאניה
גלברד ברוך
גלברד לאה
גלברד מוני
גוטפריד אוסקר והילדים
גוטפריד חנה והילדים
גוטפריד אפרים ואשתו
גוטפריד יצחק, אשתו והילדים
גוטפריד יוסף, אשתו והילדים
גוטפריד קלמן, אשתו והילדים
גלזנר יעקב
גלזנר סוניה
גלזנר איסר
גלזנר בלה
גלזנר מאיר
גלזנר יוסף ואחותו
גלזנר משה־אליעזר והילדים
גלזנר גולדה
גרינשפן מרדכי
גרינשפן טויבה
גנס אברהם
גנס אסתר
גנס שיפרה
גריה יעקב
גריה זאב
גריה טובה
גריה משה
גריה שרה
גריה יהושע
גינסבורג בריש
גוליגר יהודה
גלוגר יוסף, אשתו והילדים
גורטמן אהרון
גורטמן רייזי

גורטמן צבי
גורטמן עטי־שרה
גורטמן רייזי
גורטמן חייה
גורטמן דוד
גורטמן יהודית
גורטמן אהרון בן־יצחק
גורטמן אפרים
גורטמן אסתר
גורטמן מרים
גורטמן הנצ'י
גורטמן מרדכי
גורטמן אריה
גורטמן חנצ'י
גורטמן דב
גרינברג מיכאל
גולוסטופיץ גדליהו, אשתו והבנות
גרובר מרדכי וולף
גרובר צפורה
גרובר משה
גרובר אבא
גרובר אשר, חנה והילדים
גרוס שיפרה
גרוס ישראל ואשתו
גרוס מאיר ואשתו

גרוס מרדכי
גולדפלים דוד
גולדפלים חוה שרה
גולדפלים צילה
גולדפלים רוזה
גולדפלים אברהם
גולדרוזן משה
גוטפריד יוסף
גולדברג מנדל ואשתו
גולדברג רבקה
גרסטנבליט אברהם והילדים
גרסטנבליט רייזי
גולדטפר בן־ציון והילדים
גולדטפר בלה
גליק (בכר) לאה ובעלה
גוטפריד יעקב
גוטפריד רחל
גוטפריד נחמן
גוטפריד אריה
גוטפריד שרה
גלר יוסף
גלר חיים לייב
גלר צבי
גולדבליק מרדכי
גלזנר יהודה
ד"ר גלזנר שלום

## ד

דויטש נתן
דויטש חוה
דויטש פנחס, אשתו והילדים
דינר יצחק ואשתו
דינר אהרון, אשתו והילדים
דיאַמנט אלטר
דיאַמנט יטה
דיאַמנט זליג

דיאַמנט בבצ'י
דיאַמנט אברהם דוד, אשתו והילדים
דיק חיה־שרה
דיק מרדכי
דיק אוסו
דרסלר געציל, רייזה והילדים
דרסלר ברל

דרסלר אסתר
דרסלר יעקב
דרסלר משה
דרסלר אפרים ואשתו
דרסלר מרדכי, אשתו והילדים
דרסלר הינוך, אשתו והילדים
דרסלר מאיר, אשתו והילדים
דרסלר יהושע זיסי, אשתו והילדים
דרבליך משה והילדים

דרבליך לאה
דנקברג מיכאל
דנקברג דוד
דנקברג יצחק, אשתו והילדים
דנקברג אברהם, אשתו והילדים
גרנשפן צבי
דרוקער מאיר
דלוגאץ' ביילה
דלוגאץ' רבקה

## ה

ד"ר הורהאן זאב ואשתו
הלפרין פייביש
הלפרין פרומה והילדים
הלפרין משה
הלפרין אפרים ואשתו
הלפרין משה
הלפרין דוד
הלפרן חיים
הלפרן מרדכי
הלפרן בריש
הלפרין חייקע ושרה
הלפרין ביילה
הוכמן פנחס
הוכמן פאי
הוכמן יוסף
הוכמן אסתר
הוכמן פרל
הלר אשר
הלר משה
הלר דינה

הלר רייזל
הלר יצחק
הלר קלרה
הלר גיטל
הלר יחזקאל
הלר נתן ואשתו
הלר חיים-ישראל ואשתו
הלר ראובן ואשתו
הלר לייב ואשתו
הלר שלמה
הלר אליעזר
הלר זיסו
הלמן דוד, פייגה והילדים
הלמן שמחה, מרים והילדים
הלמן יוסף ואשתו
הקר אברהם
הקר ראובן
הרקום אליוולף ואשתו
היימן עזריאל, אשתו והילדים
היימן דוד, אשתו והילדים

## ו

ולצר צבי
ולצר שמריהו
וישנויצר יוסף, ד"ר ואשתו
ולטוך יצחק, מלכה והילדים
ויך מרים
ויך משה
ויך קיילה
ואהל מרים
ואהל חיים
ואהל שיינדל ובעלה
ואהל משה, אשתו והבת
ואהל אלי, חנה והילדים
וויינרב זאב
וויינרב בלומה
וויינרב קלמן
וויינרב צבי
וויינרב ליביש ואשתו
וויינרב אברהם
וויינרב צבי
וויינרב דב
וויינרב אסתר
וויינרב שרה
וויינרב מיכאל
וולפנבויט שמריהו, אשתו והילדים
ווייסמן צבי
ווייסמן חנה
ולך רבקה
ולך ישראל
ולך צ'רנה
ולך משה
ולך רוזי
ולך יוסף
ולך חיה
ולך שרה
ולך יצחק, אשתו והילדים
ולך ישראל, טויבה והילדים
ולך אודל ובעלה
ולך משה ואשתו
ולך יחזקאל
ולך שרה
ולך יצחק בן דוד־אלי ואשתו
ולך טוביה
וכר משה
וכר פרוודה
וכר אברהם
וכר צבי
וכר חיים
וכר יעקב ואשתו
וכר ישעיהו־לייב
וכר דבורה
וכר יונה
וכר בלומה
וכר לאה
וכר חיים
וכר איטה
וכר אלישע
וכר משה
וכר ביילה־ינטה
וכר ישעיהו ואשתו
וכר שרה
וכר אברהם
וכר יוסף
וכר שיינצ'י
וכר משה
וכר פריידה
וינטר פייגה
וינטר רוז'ה
וינטר משה

וינטר פרל
וינטר מנדל
וינטר ינטה
וינטר זוסי
וינטר רחל
וינטר דוד
וינטר אליעזר
וינטר רבקה
וינטר ישראל
וינטר פרומה
וינטר חנה
וינטר ישראל, אשתו והילדים
וינטר אריה לייב
וינטר קלארה
וינטר דוד
ויטוב זיסל
ויטוב ברל
ויטוב דוד ואשתו
ויטוב אפרים
וייסברודט פנחס ואשתו
וייסברודט שמרל
וייסברודט חנה
וייסברודט צבי
וייסברודט פלצי
וייסברודט חיים ואשתו
וייסברודט משה ואשתו
וייסברודט וולקי
וניקר דוד ואשתו
וניקר מרדכי
וניקר עטיל
וניקר חנה

וניקר ישראל
וידרמן בצלאל ואשתו
וויים יעקב
וייסמן בריש
וייסמן צבי
וייסמן אבנר, הני והילדים
וייסמן צבי בן נפתלי
וייסמן אליעזר ואשתו
וינקלר שמואל, רחל והילדים
וייצמן יצחק, רבקה והילדים
וייסלברג פנחס ואשתו
וייסלברג יעקב ואשתו
וקסלר פישל ואשתו
וקסלר רחל
וקסלר אברהם
וקסלר צביה
וקסלר אברהם
וקסלר חיים
וינטרפלד דוד, חיה והילדים
וגלמן זלמן
וגלמן מוסי
וגלמן גוסטה
וגלמן דוזי
וגלמן וסטה
וסר אהרון
וסר חנה
וסר מינה־רחל
וסר שולה
וסר דוד
וידראורן שאול
וידראורן לאה

## ז

זיידן אברהם
זיידן שבע
זיידן מרדכי

זיידן אייזיק
זיידן ויטיא
זיידן בלומה

זים מיכאל
זים הינדה
זלצר קלמן ואשתו
זלצר בינה
זלצר גיטל
זלצר משה
זינגר רויזה
זינגר ביילה
זלצברג יעקב
זומרשטיין שלמה, אשתו והילדים
זלצמן יוסף, אשתו והילדים
זלצמן ברוך ואשתו
זלצמן טמי
זלצברג גיטל
זננזוב אברהם ואשתו
זננזוב קלרה
זננזוב פרידה
זננזוב מונדק

## ט

טילס זאב ואשתו
טילס דב
טילס חיה
טילס פייגה
טירינגר יוסף
טירינגר חסיה והילדים
טירינגר בצלאל והבת
טירינגר ברל
טננבוים יעקב
טננבוים דוד ואשתו
טננבוים יחיאל
טננבוים אלקנה
טננבוים פפו
טננבוים אדלה
טננבוים פריידה
טננבוים אברהם
טייכמן חנה (לבית ויסברודט)
טננבוים טויבה
טננבוים רבקה
טננבוים טמה
טננבוים יקותיאל
טננבוים קלארה
טננבוים יצחק
טננבוים צבי
טננבוים טינה
טננבוים לוסיה
טננבוים משה
טננבוים בריינה
טננבוים יוסף
טננבוים חיים
טננבוים סושי
טלר חיים־צבי
טלר הני

## י

יארצובר צפורה
יארצובר מאיר
יארצובר פרומה
יארצובר פסיה
יארצובר יואל
יארצובר מלכה

יארצובר גיצי
יארצובר משה ואשתו
יארצובר יצחק ואשתו
יארצובר חנא ואשתו
יארצובר איטקה
יגנדורף יעקב
יגנדורף שבע והילדים
יעבץ שמחה ואשתו

## כ

כהן מרדכי
כהן שרה
כהן קלארה
כהן דב
כהן רוז'י
כהן יעקב
כהן דבורה
כאהן אברהם
כאהן פסיה והילדים
כץ מרדכי
כץ פריידה והילדים
כץ אברהם
כץ רחל
כץ אברהם (בומיק)
כץ חיים
כץ רוזי
כץ פריידה
כץ צירל
כץ גיטל
כץ מרדכי
כץ פסיל
כץ צבי והבנות
כץ אברהם
כץ נחום, אשתו והילדים
כהנה יעקב ואשתו שרה
כהנה יצחק ואשתו חוה
כארב זלמן, אשתו והילדים

## ל

לאקס כתריאל
לאקס רבקה
לאקס צבי ואשתו
לאקס יוסף ואשתו
לאקס רייזי והבן
לאנדס אברהם
לאנדס בריינה והילדים
לאנדס גוגי ואחותה
לאנדס רבקה
לאנדס צבי, אשתו והילדים
ליינר זאב
ליינר פייגה והילדים
לנג יוסף
לנג יהושע
לנג פסיה
לנג הני
לנג פאני
לנג ישראל
לנג חנה
לנג רחל והילדים
לנג יעקב, אשתו והילדים
לנג אליקום ואשתו
לנג בן־ציון
לנג צירל

לנג פנחס
לנג דוד
לנג מכלי
לנג אברהם־לייב ואשתו אתי
ליבסטר ישראל ואשתו
ליבסטר עזריאל
ליבסטר מונצ'י
ליבסטר איטה ובעלה
לולקר צבי
לוטבאַק בלה
לוטבאַק חיים ואשתו
לוטבאַק אליה
לוטבאַק לאה והילדים
לוטבאַק יונה, אשתו והילדים
לוטבאַק אברהם, אשתו והילדים
לוטבאַק ינטה והילדים
ליברמן מרדכי
לאבנר שרה
לאבנר יהודה
לאבנר איסר
לאבנר שמואל
לנדמן נפתלי
לנדמן חיה
לנדמן רייזי
לנדמן מונצי
לנדמן דבורה
לנדמן סבינה

## מ

מורגנשטרן פתחיה
מורגנשטרן טויבה והבת
מורגנשטרן פייביש
מורגנשטרן פייגה
מורגנשטרן משה, אשתו חייהקה וילדים
מרקוס שמואל־יצחק
מרקוס שרה
מרקוס איטה
מרקוס אסתר
מרקוס שמשון ואשתו
מרקוס מיכאל
מרקוס מרדכי
מרקוס מאלצ'י
מרגולים יצחק
מרגולים רבקה
מרגולים שרה
מרגולים דוד
מרגולים רוזי
מרגולים ישראל־אברהם ואשתו ביילה
מרגולים פרידל
מרגולים בריש
מרגולים בתיה והבת
מרגולים דב
מרגולים אברהם הרש
מסיטה מרדכי ואשתו
מסיטה זלמן
מסיטה חנה
מסיטה מוני ואשתו
מסיטה איטקה ובעלה
מסיטה בלה
מסיטה קלרה
מולדבסקי בן־ציון, אשתו וילדיהם
מרמור נחמה והבת
מרמור יצחק
מרמור תמר

מרמור ברוך
מרמור מינה
מרמור ברטה
מרמור חנוך
מרמור טובה
מרמור יעטי
מרמור חיים, אשתו והילדים
מרמור בן־ציון
מרמור שמרל ואשתו
מרמור זליג ואשתו
מרמור יהושע
מרמור דבורה והילדים

מיימן יוסף
מיימן רחל
מיימן חיים־לייב
מיימן חולי
מיימן צבי
מיימן מיפי
מיימן יצחק
מילגרום בן־ציון
מילגרום רוז'י
מילגרום שמעון, אשתו והילדים

## נ

נגלר אליעזר
נגלר רבקה
נגלר משה
נגלר זאב ואחותו
נייגיבורן יהושע
נייגיבורן פראדל והבן
ניימן דוד ואשתו
ניימן נסיה
ניימן רחל
ניימן טויבה
ניימן משה

ניימן עזריאל
ניימן משה־יצחק
ניימן בריינה
ניימן חיה
ניימן יהושע ומשפחתו
ניימן צבי
ניימן מרדכי
ניימן שמיאל
ניימן אליעזר
ניימן שלמה
נוסבוים זליג, אשתו והילדים

## ס

ספיר שמואל, אשתו והילדים
סגל אורי
סגל פרומה
סגל הני
סגל שרה
סגל ישראל

סגל אייזיק
סגל בינה
סופר דוד, אשתו שרה וילד
סגל שמואל, אשתו והילדים
סגל אבא

## ע

עדר מרדכי ואשתו
עדר ברל
עדר אליעזר
עדר פייבל ואשתו
עססינג יצחק־אייזיק, אשתו והילדים

## פ

פוגל אלכסנדר, אשתו והבת
פוגל ישראל
פוגל זניה
פוגל ז'ני
פוגל אברהם
פוגל סושי
פוגל זאב
פוגל גיטל
פוגל אהרון
פוגל בתיה
פוגל צבי
פוגל אליעזר
פוגל מלכה
פוגל פרידה
פוגל בריינה
פוגל אריה
פוגל שמעון, אשתו והילדים
פוגל שמואל־צבי ואשתו
פוגל שלמה ואשתו
פוגל צבי, אשתו והילדים
פוגל משה־יצחק
פוגל אייזיק
פוגל אהרון ואשתו
פוגל פסח
פראק אברהם, אשתו והילדים
פרנס יצחק
פרנס פייגע
פרנס ריקל
פרנס חיה
פרנס רוז'י
פרלמוטר פסיה
פרלמוטר אברהם
פריש יעקב־משה
פריש בבה
פריש מלכה
פריש אליעזר
פריש חיים
כריש אהרון ואשתו
פיאקר אברהם־ראובן ואשתו
פסטרנק אליעזר
פסטרנק חוה
פסטרנק אברהם
פסטרנק שולמית, בעלה והילדים
פיינשטיין צבי
פיינשטיין פסח
פיינשטיין רחל והילדים
פיינשטיין אריה
פיינשטיין שרה והילדים
פיינשטיין מרדכי ואשתו
פיינשטיין שלום, אשתו והילדים
פרבר משה
פרבר גולדה
פרבר אברהם
פרבר שרה

פרבר גדליהו
פולק שמחה
פולק שמואל
פולק משה
פולק לוי־יצחק ואשתו
פולק ברל ואשתו
פולק אליעזר ואשתו
פולק ישראל, אשתו והילדים
פולק חנה
פולק מנדל ואשתו
פולק מנדל, אשתו והילדים
פלוין יונה
פלוין פייגה
פלוין משה ואשתו
פלוין אהרון
פלוין יצחק והילדים
פודהרצר פריידה וקלמן
פליישמן יעקב
פליישמן לאה
פליישמן חיה
פליישמן פנחס
פיירשטיין פריץ
פיירשטיין טויבה
פיירשטיין מינה
פינק דוד
פינק פפו
פינק פייגה
פינק מוני
פינק גדליהו
פינק יצחק, אשתו והילדים
פינק פייביש
פינק שיינצי
פינק יחזקאל
פינק גדליהו
פינק זיפי
פינק בלומה

פינק רוזי
פינק אטקה
פינק דוד, אשתו והבנות
פינק מרדכי
פלקסמן אבא
פלקסמן סושי והילדים
פיק משה, אשתו והילדים
פרס שמואל ואשתו
פרס מנדל
פרס יוסף
פרס חיה־לאה והילדים
פרס יוסף
פרס חייה
פק בבצ'י
פק חיים
פלנר מנשה
פלנר ריילה
פלנר לייב, אשתו והילדים
פוקס נחה
פוקס יעקב
פוקס ישראל ואשתו
פוקס פנחס ואשתו
פוקס קופל
פוקס גולדה
פוקס גוגה
פוקס גדליהו
פוקס צבי, אשתו והילדים
פוקס אריה, אשתו והילדים
פוקס דוד ושלום ואמא שלהם
פיינגולד שלום
פיינגולד צבי
פיינגולד רויזה
פיינגולד פריידה
פיינגולד יצחק, אשתו חנה והילדים
פיינגולד ישראל

פיינגולד חנה
פיינגולד דובי
פיינגולד גוגה
פרישוסר ישראל, אשתו והילדים
פרישוסר שלום
פינקל נחום ואשתו
פינקל יוסף
פינקל ברל
פינקל אברהם
פינקל חאקי
פרידמן קופל ואשתו פייגה
פרידמן גוגה
פרידמן גדליהו
פרידמן משה ובראַנה
פרידמן דבורה
פפר חיים
פפר חנה
פפר יעקב
פפר משה
פפר טשרני
פפר יוסף
פפר אברהם
פפר אברהם־חיים
פפר שרה
פריד שמואל
פריד גיטל
פריד שלמה
פריד מינצי

פישר חיים־ישראל
פישר ישעיהו ואשתו
פישר רבקה
פישר יצחק ואשתו
פלדמן ישראל־יהודה ואשתו
פרל אבה
פרל פייגה
פרל עוזר
פרל גולדה
פרל יוסף
פרל קלרה
פרל קוקי
פאדן בלה
פאדן אברהם
פאדן שרה והבת
פאדן אלימלך
פאדן בת־שבע
פאדן שמעון
פאדן לאה
פוגלמן יעקב
פרסר אהרון
פרסר זלטנה והילדים
פריידמן יעקב־מרדכי
פריידמן הינדה
פיינשטיין פייגה
פלנר יעקב
פלנר חיים לייב
פלנר אליעזר

## צ

צימרינג צבי

צימרינג פינקל

## ק

קסלר משה
קסלר צ'רנה

קסלר לאה ובעלה בומיק
קסלר בטקה

קופלר בלה
קופלר חיים־הירש, אשתו והילדים
קופלר בצלאל ואשתו
קופלר משה
קופלר מרדכי
קרפס יונה
קרפס פרל והילדים
קרפס רויזה
קורן אברהם
קורן רוז׳י והבן
קורנשטיין יצחק
קורנשטיין רוז׳י
קסטמן אפרים ואשתו
קסטמן אברהם, אשתו והילדים
קרמפף חיים־הרש
קרמפף פסיה
קרמפף דב ואשתו
קרמפף מוטיל ושבע הבנים
קופפרשמיד אפרים
קופפרשמיד חיים
קרצין מיכאל
קרצין הני והילדים
קרטין חיים
קרטין חנה והבן
קומיץ אברהם
קומיץ יחיאל
קומיץ פייגה
קומיץ יצחק
קומיץ בריינה
קומיץ משה־יהושע, אשתו והילדים
קוק נחום, אשתו והילדים
קנין גבריאל ואשתו שרה
קנין ישראל
קנין אברהם

קנין ברוך
קנין שלום
קנין רוז׳ה
קנין עטי
קנין דוד
קנין ישראל
קנין שלמה־יעקב
קלינגר צבי ואשתו
קלינגר לאה ובעלה
קלינגר עטי ובעלה
קליינר בריינה
קליינר דבורה
קליינר פנחס
קליינר קוני
קליינר בריינה
קליינר יודל
קליינר יהודה
קליינר חייה
קלאהר אשר־ברוך
קלאהר חיה
קלאהר חנה
קלאהר שרה
קנפר זולף, אשתו ובנות
קנפר פנחס
קהלנברג שמעון
קהלנברג פייגה
קהלנברג נחום
קהלנברג לייב, ד״ר
קהלנבנרג יהודה
קהלנברג מונצי
קורנבלוי יעקב
קורנבלוי בלה
קורנבלוי אהרון
קורנבלוי מלכה
קורנבלוי חיים
קורנבלוי דבורה
קורנבלוי משה

קורנבלוי רוז'י
קרמין יצחק ואשתו
קרנקל גיטל
קרנקל אברהם
קליין יעקב
קרנקל בן־ציון
קרנקל הסי
קליין ברײנה
קליין מלכה
קלסנר יוסף, אשתו והילדים
קוהרמן בן־ציון, אשתו והבת

קורץ שלמה
קויבלינג מרדכי
קימל משה
קימל חנה והילדים
קימל שמואל
קימל רחל
קימל איזיו
קימל רוז'י
קופלר מרדכי
קופלר אפרים
קורץ שלמה

## ר

רוטנברג זיסל
רוטנברג שלמה
רוטנברג קלארה
רוטנברג אפרים
רוטנברג רוז'י
רוטנברג שמואל
רוטנברג מוני
רוטנברג יעקב, אשתו והילדים
רייטמן גרשון ומשפחתו
רייטמן הרש
רייניש משה ואשתו
רייניש ברוני
רייניש בן־ציון
רייניש אסתר
רייניש משה, אשתו והילדים
רייניש רייזי
רייך אברהם
רייך שיינדל והילדים
רייך פרל
רייך יעקב
רייכמן אברהם
רייטמן הנריק

רייכמן מאַטל והילדים
רייכמן איידל, אשתו והילדים
רובין שמואל
רובין סויבה
רבינוביץ בבצ'י והבנות
רבינוביץ עובדיה
רוטמן יצחק
רוטמן עטיל והילדים
רוטמן אפרים
רויכר משה
רטהויז שולקי
רטהויז בתיה והבן
רייטמן גרשון
רטהוז יצחק
רטהוז עטיל והילדים
רוזן יצחק
רוזן גולדה־היינדה
רוזן גדליהו
רבינוביץ חנה (גוטספלד)
רייניץ דוד
רבינוביץ חנה
רבינוביץ לאה

רבינוביץ לייב
הרב ראפופורט ואשתו
ראפופורט בעריש וילדיו
ראפאפורט גיטל
ראפאפורט דוד

## ש

שפרלינג משה
שפרלינג חנה
שפרלינג אליעזר
שפרלינג גיטל
שפרלינג פנחס ואשתו
שפרלינג דבורה
שפרלינג גיטל
שפרלינג מרים
שפרלינג חיים ואשתו
שפרלינג יוסף
שפרלינג לאה והבן
שפרלינג פרל ובעלה
שפרלינג זאב
שפרלינג לאה
שפרלינג לאה והילדים
שטוקמן מנדל ואשתו
שטוקמן זרח
שטוקמן בנימין
שטוקמן אברהם
שטוקמן חייה והילדים
שניידר ישראל ואשתו
שניידר בנימין
שניידר הוצי
שניידר שולה
שניידר שמואל
שניידר בריינה
שניידר יצחק
שניידר ישראל
שניידר רבקה
שניידר רייזל
שניידר מרדכי־יוסף
שניידר ביילה־שרה
שניידר רייזיל
שניידר שמואל־דוד
שניידר וועלוויל
שניידר הני (לפשי)
שניידר שרה
שניידר פייגה ובעלה
שניידר לאה ובעלה
הרש גרינשפן
שניידר אברהם
שניידר עזריאל
שניידר שמואל, אשתו והילדים
שניידר חנינה
שניידר חנה
שניידר יהודה, אשתו והילדים
שניידר מרדכי
שניידר ראובן, אשתו והילדים
שניידר חוה
שניידר בריינה
שניידר יצחק
שטיין שמרל
שטיין ליבה
שטיין גיטל
שטיין בוני
שטיין ברוך
שטיין העני
שטיין דאבריש
שלג ליבה
שלג משה
שלג מרדכי
שלג שבע

שלג משה
שלג זאב, בן ובת
שלג בן־ציון
שלג בלה
שלג אהרון
שלג שמעון, אשתו והילדים
שלג זיסי
שכנר (אחיות)
שכנר שמואל
שור משה
שור רייזי והילדים
שור אשר
שור ישעיהו
שור צשי
שור פייגה
שור מרים
שור מאיר־לייב
שור משה
שור יהודית
שטקל גודל
שטקל פרומה והילדים
שינדרמן צ'רני
שוכפלד יצחק
שוכפלד שרה
שוכפלד ראובן
שוכפלד נחמיה
שרלג מנדל ואשתו
שקולניק מלכה
שקולניק ישעיהו
שקולניק רייזי
שקולניק פייגה
שקולניק חיה
שקולניק חנה
שקולניק אלטר
שכטר חיה
שכטר שמעון
הרב שכטר מרדכי

שכטר שרה
שוכמן מירל
שוכמן אברהם
שוכמן צילה
שוכמן שושה
שוכמן אסתר
שוכמן וולף
שוכמן שוביה
שוכמן רגינה
שוכמן פייגה
שוכמן ינטה
שוכמן רבקה
שוורץ יוסף
שוורץ נסיה
שוורץ זיסל
שוורץ חוה
שוורץ נוני
שוורץ בנימין
שוורץ בלה
שוורץ בוזי
שוורץ איזי
שפיגל שמחה, אשתו והילדים
שפיגל אברהם
שפיגל חיים
שפיגל חיקה
שפיגל פריידה
שפיגל נסיה
שפיגל גבריאל
שפיגל יעקב
שטרן חיה ובת
שפיצר שמעון
שפיצר רחל
שפיצר אילי
שפיצר שמואל, אשתו והילדים
שינדרמן משה, אשתו והילדים
שיפטר משה, אמו ואחותו
שוחר ינצ'י, אשתו והילדים

# רשימת בני עירנו שנפטרו בישראל

אפשטיין גרשון ואשתו
אפשטיין גולדה
אפשטיין שמואל
אשכנזי צבי
בלייך משה
גליק נפתלי
גליק רבקה
גולדרוזן יוסף
ויסברודט לאה
וידרמן אהרון
ורבר פישל
ורבר רבקה
ורבר אלתר
ורבר שמואל
ורבר שרה (סאלצ'ה)
זבר נפתלי
זבר מרדכי
וייסלברג יעקב
כהן משה
פק משה
קלהר אפרים, ד"ר
קליינר אברהם
הרב ראטה משולם
רטהויז צבי
שוכמן סימה
שטיין יצחק
שטיין ליפשה
שטיין פייגה
שרייבר רחל

לזכר קדושינו — הורינו, אחינו, אחיותנו ובני משפחה
שניספו בימי השואה ע״י הרוצחים הנאצים ועוזריהם —

אמי מרים וואהל
אבי אשר וואהל
אחותי יפה וואהל
גיסי זאב גלר
אחי חיים ואהל

אמי שחורה קסלר
אבי משה קסלר
אחותי לאה קסלר
גיסי בומיק קסלר
אחותי בטקה קסלר

גם קרובינו ויקירינו אשר לעולם לא נשכחם

יהי זכרם ברוך לעולם ועד!

**בלה ויצחק קסלר** / חולון

---

לזכר משפחתי הבלתי־נשכחת, שניספה בימי השואה —

חייה-שרה דיק ז״ל
שלמה דיק (ממלחמת העולם הראשונה)
מרדכי דיק
רחל דיק
חיים קורנבלאו
דבורה קורנבלאו (דיק)
שלמה קורנבלאו

ת. נ. צ. ב. ה.

**מוניו (חיים) דיק** / רמת־אביב

לזכרון נצח!

הורי, אחינו ובני־משפחותינו

שלמה הירש
מרים הירש
יעקב הירש
חיים כץ
רויזע כץ (הירש) ובנותיה

יהי זכרם ברוך!

דב הירש־עופר
מלכה הירש־הײנמן
דוזיה הירש־טל
אברהם הירש־עופר
שולה הירש־דיק

---

צום אײביקן אָנדענק פון מײן משפחה, אומגעקומען פון די דײטשישע מערדער ימ״ש

מײן פֿאָטער קלמן בלײך מײן מוטער יהודית בלײך
מײן ברודער יוסף בלײך און זײן פרוי זיסל
זײערע קינדער: קונטשי, פרידזשע, טאַנטשע און שמואל
מײן ברודער זלמן בלײך, זײן פרוי צילע און זון יוניא
מײן שװעסטער זיסל, איר מאַן מאָטיע טאפּעט און קינדער אליהו, מונדזשע
מײן פֿאָטערס ברודער זלמן־בער בלײך און זײן משפחה
יחיאל בלײך און זײן משפחה
מײן מוטערס ברודער שמואל אַפּפּעלבױם און משפחה
אלקנה אַפּפּעלבױם און משפחה

מיר װעלן אײך קײנמאָל ניט פֿאַרגעסן!

חנה זשידאָװיצקי / קיבוץ בארי

מיט ליבע און יראת־הכבוד וועל איך געדענקען די קרבנות פון די נאַצישע רציחות אין די יאָרן 1939—1945:

מיינע עלטערן **פייוויש** און **שיפרה פינק**
מיין ברודער **יחזקאל** און זיין פרוי **לאה פינק**
מיין שוועסטער **באַלטשע**, איר מאַן און זייערע קינדער:
**יצחק**, **סאַבינע** און **ראָזאַ עפשטיין**
מיין ברודער **גדליהו פינק**
מיין שטיפברודער **סאָניע ליולקער**
מיין שוועסטער **סאַבינע פינק**
מיינע פעטער־מומע **שלום** און **רויזע פיינגאָלד** און קינדער
מיינע פעטער־מומע **דוד** און **פעפאָ פינק** און קינדער
מיינע פעטער־מומע **שלמה** און **רבקה ענטנער** און קינדער
מיין קוזין **יצחק** און **חנה פיינגאָלד** און קינדער **גוסטא** און **יוסף אויל**

פאַראייביקט: **משה פינק** / באר־שבע

---

צום אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערסטע

מיין פרוי **מאַניע געלמאַן (וועבער)** און אונדזער טאָכטער **רוזשע**
עלטערן **יונה** און **בלומע וועבער**
שוועסטער **פייגע**, שוואָגער **פייוויש מאָרגענשטערן**, זייער זון **מוזשע**
פעטער **חיים וועבער** און פרוי **איטע**
קוזינען **אלישע**, **משה** און **בומיק וועבער**
**מאיר יאַרטשאָווער**, זיין פרוי **פרומטשע** און קינדער
**פתחיה מאָרגענשטערן**, זיין פרוי **טאָבע** און קינדער
**ביילע פאדען**, **בומיק** און **שרה פאדען**
**משה פאדען** און משפחה
**יחזקאל וואלאך** און זיין משפחה

אין שטענדיקן טרויער:

**אלישע וועבער** / קרית־שמונה

זאָל זיין דער נעקראָלאָג אַנשטאָט אַ מצבה צום אָנדענק פון אונדזערע טייערע עלטערן און נאָענטע, וואָס זענען גרויזאַם אומגעקומען דורך די נאַצי־מערדער:

**איציק צאָרנבערג**, מיין פאָטער
**רבקה צאָרנבערג**, מיין מוטער
**רייזשע (צאָרנבערג) דרעסלער** און משפחה

כבוד זייער אָנדענק!

**מאיר צאָרנבערג** / קאַנאַדאַ

---

זאָל די דאָזיקע טרויער־מודעה דינען אַלס מצבה אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון מיינע אומפאַרגעסלעכע עלטערן און נאָענטע, וועלכע זענען אומגעקומען פון די נאַצישע מערדער ימ״ש

טאַטע־מאַמע **גדליה** און **טשאַרנע גאָלאָסטופיץ**
שוועסטער **מינדל**, איר מאַן **ראובן מאַרמאָר** און קינדער
שוועסטער **שרה**, איר מאַן **יוסף גאָטפריד** און קינדער
**קאָפל פרידמאַן** און זיין פרוי **פייגע**, זייערע קינדער:
**גדליה, גאגא, דורא, משה, ברײַנע**
**אפרים גאָטפריד** און זיין פרוי און די קינדער
**שמואל, קלמן** און **בעני** — מיט זייערע משפחות

כבוד זייער אָנדענק!

**יעקב גאָלאָסטופיץ** / קרית־שמונה

---

לזכר הורי, אחי, אחותי וקרובי משפחה שנרצחו ע״י הנאצים ועוזריהם

אבי **מרדכי־יוסף** בן שלמה **שניידר**
אמי **ביילה־שרה** בת ר׳ לוי יצחק
אחי **שמואל־דוד**, רעייתו **רייזיל** והבנות
אחי **אברהם־עזריאל**, רעייתו **שרה** ובנם
אחותי **בני לפשה**, בעלה **וולוויל** והבן
אחותי **פייגה** ובעלה **שמואל**
אחותי **לאה** ובעלה **הערש גרינשפן**

יהי זכרם ברוך לעולם ועד!

**ברוניה ויהודה לנג (שניידר)**

אַנשטאָט אַ מצבה לזכר אונדזער טייערע משפּחה, וועלכע איז גרויזאַם אומגעקומען דורך די נאַציס ימ״ש —

מיין פאָטער **אהרון גורטמאַן**

מיין ברודער **אפרים**, זיין פרוי **אסתר**,

די קינדער: **מרים, העניע, מרדכי**

מיין פעטער **נתן אונגער**

מיין פאָטער **יהודה שניידער**

מיין ברודער **חנניה שניידער**

מיר וועלן אייך תמיד געדענקען, ווי אויך די אַנדערע קרובים און נאָענטע.

**רבקה** און **משה גורטמאַן (שניידער)**

---

על אלה כואב הלב — קורבנות הרצח של הנאצים הטמאים

אשתי **קלארה לנדמן**

אחותי **רייזי לנדמן**

גיסי **נפתלי לנדמן**

הילדים **מרים, סבינה ודוזיה לנדמן**

יהי זכרם שמור לעולם!

**בריש גורטמן** / ארה״ב

לזכרון עולם ולעליית נשמותיהם של קדושינו

**אליעזר מרדכי** ב״ר משה **וינטר**

אשתו **רבקה וינטר** לבית **פרנס**

בנם **ישראל וינטר**

בתם **פרומה (אמונה) וינטר**

ינקום ה׳ את נקמת דמם השפוך!

המנציחה:

בתם **מלכה וייס (וינטר)**

---

נר תמיד לזכר היקרים והבלתי־נשכחים

אבי **נחום רוטנברג**
אמי **זיסל רוטנברג**
אחי **שלמה רוטנברג** ואשתו **קלארה**
אחי **פופו** ואשתו **רוז׳ה** (מבית **שטיין**)
אחי **שמואל (מילו)**
אחי **מונדק**
קרובי **בנימין שוורץ**
**בילה**
**איז׳ו**
**בוזיו**
וידידתי היקרה **פרומה וולפנהאוט** עם משפחתה.

**צילה ורדי** (לבית **רוטנברג**) / תל־אביב, יד אליהו

**הניה בלֶק** (לבית **רוטנברג**) / ניו־יורק

צום אייביקן אָנדענק פון אונדזער טייערן מאַן און פאָטער

**ברוך (בוז'י) שטיין** ז״ל

געב׳ 24.8.1906

געשט׳ 16.8.1963

און זיידע באָבע

**שמעריל שטיין**

**העני שטיין**

כבוד זייער אָנדענק!

**חוהטשע קרענקעל (האַלפּערין)**
**און די קינדער**

---

צום אָנדענק פון אונדזערע טייערע, אומפאַרגעסלעכע עלטערן, ברידער, שוועסטער און קרובים —

אונדזער פאָטער **מרדכי־בעריש האַלפּערין**
אונדזער מוטער **ביילע האַלפּערין**
אונדזער ברודער **נפתלי האַלפּערין**
אונדזער ברודער **חיים האַלפּערין**
**דוד סופר** און זיין פרוי **שרה** און קינדער
**אהרון־הערש ווייסמאַן** און זיין פרוי **חנה**
**משה מאָרגענשטערן**, זיין פרוי **חייקע** און קינדער

כבוד זייער אָנדענק!

**זוניע — אריה האַלפּערין**
**סעם — שמעריל האַלפּערין**

בצער רב וביגון עמוק אני מנציח את זכר משפחתי הענפה, שנהרגה ונשמדה ע״י הנאצים הטמאים בשנות 1942/43 בעיירתנו חורוסטקוב ובגיטו קופיצ׳יניץ

אבי **פנחס** בן שמרל

אחותי הבכורה, בעלה וילדיהם הענוגים והאצילים

**ינטה ומנדל וינטר**, ילדיהם: **זושה, רחל ויהושע־דוד וינטר**

אחותי **חנה**, בעלה **משה טייכמן**

אחי, גיסתי וילדיהם: **שמרל** בן פנחס **ויסברוד**

**חנה** בת איסר (מבית **גלזנר**) **ויסברוד**

בנם **צבי** ובתם **פיגה ויסברוד**

כולם קדושים וטהורים — הי״ד

**חיים ישראל וייסברוד** / כפר־סבא

---

צום אָנדענק פון מיינע אומגעבראַכטע טייערע עלטערן און נאָענטע קרובים, וועלכע זענען אומברחמנותדיק דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלער־רוצחים —

| | |
|---|---|
| **יוסף וואלאך** | **מוניאַ געלבארד** |
| **חייה וואלאך** | **איזשאַ געלבארד** |
| **ברוך געלבארד** | **רוזשע וואלאך־געלבארד** |
| **לאה געלבארד** | איר מאַן, אַדוו. **נונקאַ וואלאך** |

כבוד זייער אָנדענק!

פאַראייביקט:

**אנשל וואלאך** / ניו־יאָרק

אַנשטאָט אַ מצבה — צום אָנדענק פון מיינע טייערע עלטערן, ברידער, שוועסטער און נאָענטע, וועלכע האָבן געלעבט אַן ערלעך, שטיל און אַרבעטזאַם לעבן, ביז דעם גרויזאַמען אומקום דורך די היטלער־באַנדעס —

מיין פאָטער **יוסף שוואַרץ**
מיין מוטער **נעשע שווארץ**
מיין שוועסטער **חוה**
מיין שוועסטער **זיסל**
מיין ברודער **נוני**
מיין זיידע **אלימלך פאדען**
מיין באָבע **בת־שבע פאדען**
מיין זיידע **דלוגאטש**

מיין באָבע **ביילע דלוגאטש**
**רבקה דלוגאטש**
**רחל געלמאַן**
**מענדל געלמאַן**
**יעטקע געלמאַן**
**בתיה געלמאַן**
**מאַניע געלמאַן**

כבוד זייער אָנדענק!

**משה שוואַרץ** און **משפחה**

---

צום אָנדענק פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, נאָך וועלכע מיר וועלן שטענדיק טרויערן, די אומפאַרגעסלעכע:

מיין פאָטער **דוד גאָלדפליס**
מיין מוטער **חיה־שרה גאָלדפליס**
מיין פרוי **צילאַ**
מיין זון **אברהם**
מיין טאָכטער **רוזשע**
מיין שוועסטער **ראָזאַ**
איר מאַן **ישראל האקער** און זייערע קינדער
**ישעיהו** און **זאָשע**
מיין שוועסטער **רחל שרייבער**

מיר וועלן אייך תמיד געדענקען!

**יצחק גאָלדפלים** און **משפחה**

יזכור ד׳ את נשמות ששת המיליונים אחינו ואחיותינו,
וביניהם נשמות יקירינו —

אבי **בצלאל וידרמן**

אמי **פרל וידרמן**

אחי **אהרון וידרמן** (שנפטר בירושלים)

וכל בני משפחתנו

יהא זכרם צרור בצרור החיים של האומה

המנציחים:

**הנצ׳ה ויצחק וידרמן** / ישראל

---

צום אָנדענק פון אונדזערע טייערע עלטערן, שוועסטער, ברידער און אַלע נאָענטע, וועלכע זענען אויף אַ מערעדרישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע באַרבאַרן און זייערע העלפערס

אונדזער פאָטער **בן־ציון קרענקעל**

אונדזער מוטער **העסי קרענקעל**

אונדזער ברודער **אברהם קרענקעל**

אונדזער שוועסטער **גיטל קרענקעל**

מאַן און שוואָגער **פרידל מרגלית**

אונדזער פריינדין **זאָשע אשכנזי**

מיר וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן! כבוד זייער אָנדענק!

**מאַטילדאַ גאָלדפלים (קרענקעל)**

**זוניאַ קרענקעל**

**חוהטשע קרענקעל (האַלפערין)**

# תוכן הספר ✶ אינהאַלט פון בוך

חלק ראשון (בעברית):

## א. העיירה עד כליונה — דאָס שטעטל ביזן אומקום



## ב. דמויות — געשטאַלטן



## ג. השואה — אומקום

## ד. צווישן צוויי וועלט־מלחמות — בין שתי מלחמות העולם



## ה. דער אומקום — השואה



## ו. כאַראָסטקאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן — אירגוני של בני חורוסטקוב



## ז. רשימת הקדושים; מודעות־אבל